| М | Ф |
| --- | --- |
| 90 | 110 |
| 40 | 120 |
| 25 | 195 |
| 40 | 80 |
| 140 | 120 |
| 65 | 55 |
| 120 | 160 |
| 145 | 125 |
| 655 | 965 |

# דעם

# פָּאטֶערְס צַוָואֶה

דָא וָוערְט דֶער צֵיילְט זַייעֶר אַוואוּנְדֶערְלִיכֶע גֶעשִׁיכְטֶע וְויא אַזוֹ מֶען טָאר נִיט עוֹבֵר זַיין אוֹיף אַפָּאטֶערְס צַוָואֶה, אוּנ וְויא אַרִיכְטִיגֶען עֶרְלִיכֶען אִידִין הֶעלְפְט גָאט אִין אַלֶע נויטֶען, אוּנ אַז אִיר וֶועט לַייעֶנֶען דִיא מַעֲשֶׂה וֶועט אִיר גְרוֹיס פֶערְגֶענִיגֶען הָאבִּין אוּנ אִיר וֶועט זִיךְ אוֹיךְ אַמוּסָר אַרָאפּ נֶעמֶען דֶער פוּן.

פערפאסט פאָן ל"י מריגא.

ונמכר לצמיתות לרי"ל מ"ץ.

ווילנא

שנת תרמ"ז לפ"ק

Дозволено цензурою. 25 Ноября 1886 г. Вильна.

# ДЕМЪ ФОТЕРСЪ ЦАВАА.

Завѣщаніе Отца. Соч. Л. Іоселовича
Съ Виленскаго изданія 1875 г.
Соб. изд. Л. Л. Маца.

ВИЛЬНА.
Въ типографіи Л. Л. Маца, на Квасномъ переулкѣ, домъ Ш. Кисина № 1195/6 1887 г.

# הקדמה קטנה

אחי ועמי איך האב אפילו ניט געוואלט ארויס געבין קיין געשיכטע, ווייל דער שולחן ערוך פסקינט אז מען טאר ניט לייענין אום שבת איז דאך פֿארשיינליך איין עבירה, נור ווייל מיר זעהן דאס היינטיגע צייט איז אונזערע מוסר לערנען נור פֿון אגעשיכטע דען דאס בילדעט אוים יעצט דיא וועלט, אונ איך מיין אז פֿון אונזער געשיכטע קאן זיך יעדער מענש אגוטין מוסר אראפּ נעמען, וויא מען דארף זיין איין ערליכער מאן אונ מען מוז רעכט גאט דינען אונ תורה לערנען, דארום בעט איך אייך מיינע ליבע לעזער דאס איר זאלט ניט מיינען דיא מעשה אליין נור דעם מוסר וואס דער פֿון קומט ארויס.



# דעם פאטערס צוואה.

אין דעם יאהר 1368 האט גיוואוינט אין דער גרויסער שטאט אמשטערדם אגרויסער גביר מיט זיין נאמען ר׳ שלמה מארקאוויץ דיזער מאן איז גיוועזן אגרויסער זיידין פֿאבריקאנט, זיין זיידען פֿאבּ-ריק האט גיהאט אשם אין דער וועלט דען זיינע גישעפֿטין איז גע-גאנגין אין פֿיל שטעט דען זיין פֿאבריק איז דאמאלס גיוועזן דער ערשטער אין דער גאנצער וועלט, דער צו וואר ער אויך זייער אפֿרומער אונ אבראווער מאן צו גאט אונ צו לייט, ער פֿלעגט קיין מאל ניט גיין אין זיין גישעפֿט ביז ער פֿלעגט פֿאר ערשט אין שול גיין דאווענען אונ לערנין אפּרק משניות, אונ דאס גלייכען פֿאר נאכט פֿלעגט ער מיט אפאר שטונדען פֿריער זיין גישעפֿט צו מאכין אונ גיין אין בית המדרש אריין לערנען ביז שפעט אין דער נאכט אונ האט אבגעהיט יעדער דין וויא נייטיג איז פֿאר איין ערליכען יוד, אונ פֿלעגט טאן פֿיל צדקות אונ גמילות חסדים, דען ארעמע אונ

קראנקע פון פיל שטעט ארום האבין נור גיפונגען אהילף ביא דיזען גביר אין הויז דען ער האט יעדין מענש געהאלפין וויא ווייט מיגלאך איז גיוועזן עס איז פאר אים קיין זאך ניט שווער גיוועזן נור צו העלפין אמענשין דען זיינע צדקות אונ גמילות חסדים איז גאר ניט אויס צו דער ציילין, אונ יעדער מענש זיינער איז באהאנדילט געווארין פון איהם מיט צו פרידענהייט, הכלל דיזער ר' שלמה איז גיוועזן אין יענער צייט אווירקליכער אברהם אבינו זיין נאמען איז גרויס גיוועזן אין ווייטע מדינות, דער צו האט ער גיהאט אגוטע אונ אפרומע פרוי וואס מען האט איר גערופין דיא פרומע חנה ניט ערגער מיט אלע מעלות פאר איר מאן אויך האט זייא נאט גיבענטשט מיט אבן יחיד מיט אלע מעלות וואס ניט אין דער וועלט הייסט אפרשוין וואס קאן נור געבין אין דער וועלט זיין גוטקייט מיט זיין פרומקייט איז מיט אים צוזאמען געבארין, דען אז ער איז נאך אקליין קינד גיוועזן האט מען שוין אין אים דער קאנט אלע גוטע מעלות וויא נייטיג צו זיין איז פאר אזא קינד וויא ער איז, דער פאטער האט אים גיגעבין לערנען צו גרויסע מלמדים וואס איז פאסענד פאר אים אונ זיינע לומדות האט גישטויגין פון טאג צו טאג אין דער צייט אז דאס קינד איז צעהן יאר אלט גיוועזן האט ער שוין גיקלונגען אין דער גאנצער וועלט פאר אגרויסין למדן אונ ער האט אין דעם פאטערס עסקים אונ אין קיין עסק ניט געוואוקסט נור ער איז גיזעסין אין בית המדרש אונ האט גילערינט.

הזמן הולך מהרה עס פינדעט זיך ניט אויף דער וועלט קיין זאך וואס לויפט אזוי גיך וויא דיא צייט פון מענשין אונ בפרט נאך דיא גוטע צייט לויפט נאך גיכער דען דיא גיציילטע יארען פון אונזער ר' שלמה איז זיך איבער געלאפין גאנץ געשווינד, אונ ניט דער גיווארטער טויט איז שוין דא, אונזער ר' שלמה איז קראנק גיווארען אויף דעם לעצטין קריינק פון זיין לעבין, האט ער געשיקט נאך זיין איינציגין זון אונ האט אים אן גיזאגט דאס ער זאל גיין בדרך הישר אונ זאל נור אפ היטין אלע גוטע מדות וויא ער האט ביז יעצט אפ געהיט אונ זאל נור זיצין אין בית המדרש אונ לערנין אונ זאל זיך אין קיין גישעפט ניט מישען אונ ער זאל נאך דער

התוגה אין ערגעץ ניט ארויס פארין האנדלען אונ זאל נור עוסק
זיין כל ימיו בתורה ועבודה אונ ווייטער גאר ניט אונ האט אים
גיגעבין אשיכל אונ האט אים אן גיזאגט ווען דיא שיכל וועט
זיין ריכטיג אין מאס זאל ער דיא געמען פאר אפרוי קיין אנדערע
טאר ער ניט נעמען אויף קיין פאל אין דער וועלט, אונ אין
איינינע וואכין נאך זיין טויט, מאג ער ארויס פארין זוכען זיין
באשערטע, אונ אז ער וועט מקיים זיין דיא צוואה ריכטיג וויא ער
זאגט אים אן דאן וועט אים זייער גוט זיין, אבער ח"ו טרעט
ער איבער אויף זיין צוואה זאל ער וויסען דאס ער וועט זיין
זייער אום גליקליך אין דער וועלט אונ זיין לעבין וועט זיין פאר
שפילט, מן התם האט דער זון צו גיזאגט דעם פאטער דאס ער
וועט זיין צוואה ערפילען אין העכסטין גראד, אונזער ר' שלמה
איז זיך אוועק גישטארבין דיא גאנצע שטאט האבין אים שרעקליך
באוויינט, איבער הויפט זיין איינציגער זון ר' מרדכי האט זייער
געוויינט אונ גיקלאגט נאך זיין פאטער, בעזאנדערס אין אלע ווייטע
שטעט וואו נור מען האט דער הערט אז דער פרומער ר' שלמה
איז גישטארבין האט מען גרויסע יאמערליכע קלאגין געטריבין דען
אלע שטעט פון ווייטע מדינות האבין גיוואוסט וועמען זיי האבין
אן געווארין, נור דיא גאנצע וועלט האט זיך גיטרייסט מיט זיין
זון ר' מרדכי דען אלע ווייסין דאך דאס ער איז ניט ערגער פאר
זיין פאטער מיט מדות טובות.

נוא מיינע ליבע לעזער לאמיר לאזין אונזער ר' שלמהן ליגען
אין זיין רוא, אונ מיר וועלין זיך ווענדין אביסעל צו אונזער ר'
מרדכין וואס מיט אים האט פסירט, דיזער בחור'ל ר' מרדכי איז
שוין אכטצעהן יאר אלט גיווארין אונ עס איז שוין צייט גיוועזן
פאר אים דאס ער זאל אפרוי נעמען וויא דער דין איז, אלזא
האט ער איבער געווארט זיין פאטערס טרויער טאג אונ וויא עס
איז נור פאר ביא איינינע וואכין אזו האט זיך ר' מרדכי גינומען
צו קלייבין זיך אויף דער רייזע, דהיינו ער האט זיך זייער שיין
פאר פוצט אונ האט גילאזט צוזאמען קויפין פיל פערטיגע פרויען
קליידער אונ פיל [illegible] ווארג אונ אויך אנדערע סחורות טייערע

איינגע פאוואסקעס אונ האט דאס גילאזט שיין פאר פאקן אונ
ער האט גילאזט שפאנען פיר וועגין אונ האט מיט גינומען פיר
מענשין פון זיינע בוך האלטערס פון קאנטאר אונ זיינען אוועק
גיפארען אין דער ווייטער וועלט צו זוכען זיין באשערטע , אונ
אין וואס פאר אשטאט ער איז גיקומען האט ער זיך אן גיגעבין
דאס ער האט בילינגע אלער האנד פרויען קליידער אונ אויך די
שענסטע שוך ווארג וואס גיט אין דער וועלט צו פערקויפין אויף
דעם ביליגסטען פרייז , מען האט אן גיהויבען צו גיין צו דיזען
נאייען ביליגען סוחר מיידלאך אונ פרויען פון אלע קאנטין דען
ווער וויים דאס ניט אזו וויא אבער איז אבאלין אויף בראנפין
אזו זיינען די פרויען באלאנים אויף שיינע קליידער אונ וואס
פאר אפרויא האט ניט צוזאמען גינאנבעטע געלט אויף קליידער
אלזא זיינען אלע גיקומען קויפין אונ ווער עס איז גיקומען קויפין
שיך האט ער אלין פאר ערשט אן גימאסטין זיין פאטערס שוך
וואס ער האט אים גיגעבין אונ עס האט קיינעם ניט• אן גיפאנגען
צו פאסען , אלזא איז ער אוים גיפארען די גאנצע וועלט אונ
האט שוין זיינע אלע סחורת אונ די קליידער פערקויפט אונ די
געלד איז אים שוין אויך גיווארין וואס ווייטער אלץ ווייניגער
אונ קיין באשערטע הערט זיך נאך אלץ ניט , בקיצור ער איז
ארום געפארין ארונדין יאר , ער איז שוין גאנץ ארונטער גיקומען
פארענדיק דען ער איז קיין מאל ניט געוואונט גיוועזען צו פארין
אויף אוועג ער איז אויף זיין לעבין קיין מאל מפתח ביתו ניט
ארוים געפארין אונ יעצט פארט ער שוין אזו לאנג ארום , האט
ער זיך באראטין מיט זיינע מענשין שוין צוריק אום צו קערין צו
הויז אן אפרויא אונ האט זיך טאקע גילאזען צוריק אהיים .

בקיצור ער איז געפארין מיט זיינע מענשין זיינען זיי אראפ
גיבלאנזעט פון וועג אין אשרעקליכען געדיכטען וואלד אריין , אונ
האבין ארום גיבלאנזעט אין געדיכטין וואלד אגאנצע וואך אין
גרוים קומער אונ עלינד , עס איז גיקומען פרייטיג וויא די אוהר
איז געווארין צוועלף האט ער אפ גישטעלט זיינע מענשין אונ
האט צו זיי גיזאגט מיינע ליבע לייט די אוהר איז שוין צוועלף

מִיר פָאהְרִין שׁוֹין נִיט וַוייטֶער לָאזְט דָא אִין וַואלְד אָפּ שְׁפַּאַ־
נֶען דִיא פֶערְד אוּנ מִיר וֶועלִין דָא שַׁבָּת הַאלְטִין אוֹיף דִיזֶער שְׁטֶעלֶע,
זָאגִין זַיינֶע מֶעוְּשִׁין צוּ אִים לִיבֶּער הֶערר וִויא זָאלִין מִיר אִין מִיטִין
וַואלְד שַׁבָּת הַאלְטִין עֶס קָאנֶען דָאךְ אוּנְז אִיבֶּער פַאלִין חַיוֹת רָעוֹת
אָדֶער גַזְלָנִים אוּנ דֶען הָאבִּין מִיר דָאךְ גָאר נִיט וָואס צוּ עֶסִין,
מִיר וֶועלִין דָאךְ אוֹיךְ גֵיין אַגַאנְץ שַׁבָּת פַאר הוּנְגֶער אוּנ וַואסֶער
צוּ טְרִינְקֶען אִיז אוֹיךְ נִיט דָא וִויא זָאלִין מִיר אָרִינְטְלִיךְ מַאכִין שַׁבָּת,
זָאגְט עֶר צוּ זַיי מַיינֶע לִיבֶּע בְּרִידֶער מַאכְט וָואס אִיר ווִילְט מִיר
קָענֶען וַוייטֶער נִיט פָארִין דֶער הַיילִיגֶער שַׁבָּת אִיז טַייעֶרֶער וִויא
דִי א גַאנְצֶע וֶועלְט, לָאז זַיין וָואס עֶס וִויל אוּנ מִיר מוּזִין דָא שַׁבָּת
הַאלְטִין, נוּא פַאר שְׁטֵייט זִיךְ דָאס דִיא מֶענְשִׁין הָאבִּין גֶעוִוים
זַיין וָוארְט נִיט אִיבֶּער טְרֶעטִין, אוּנ מֶען הָאט שׁוֹין גִינוּמֶען אָפּ
שְׁפַּאנֶען דִיא פֶערְד אוּנ דֶער וַוייל זַיינֶען אַנְדֶערֶע מֶענְשִׁין גֶענַאנְגִין
אוּים זֶעהֶען דֶעם גֶעגִינְד, וִויא זַייא זַיינֶען נוּר אַשְׁטִיקִיל וֶועג פוּן
דָארְטִין אַוֶועק גִינַאנְגֶען הָאבִּין זַייא דֶער זֶעהְן אַקְלֵיין שְׁטִיבֶּעלֶע
פוּן דֶער וַוייטִינְס, זַיינֶען זַיי זַייעֶר פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארִין אוּנ
זַיינֶען צוּ גֶעלָאפִין צוּ זַייעֶר בַּעַל הַבַּיִת, אוּנ הָאבִּין אִיהם דֶער
צֵיילְט אַז דָא נִיט וַוייט פוּן דַאנֶען אִיז פַאר הַאנְדִין אַקְלֵיין שְׁטִיבֶּעלֶע
זָאגְט עֶר צוּ זַיי לָאמִיר פָארִין צוּ דִיא שְׁטִיבֶּעלֶע אוּנ מִיר וֶועלִין
זֶעהֶען פִילַייכְט קֶען מֶען דָארְטִין שַׁבָּת הַאלְטִין, בַּאלְד אִיז מֶען
צוּ גִיפָארֶען צוּ דֶער שְׁטִיבִּיל אוּנ וִויא פַערְוואוּנְדֶערְט זַיינֶען זַיי
גֶעוָוארִין וִויא זַיי הָאבִּין גִיפוּנֶען אִין דֶער שְׁטִיבִּיל זִיצֶענְדִיק אַיין
אַלְטֶען יוּד מִיט אַפְּרוּי גַאנְץ רוּאִיג אוּנ הָאבִּין גִיזָאגְט שִׁיר הַשִּׁירִים
מִיט אַנִיגֶען, דִיא שְׁטִיבֶּעלֶע אִיז זַייעֶר קְלֵיין אוּנ פִינְצְטֶער אוּנ
גַאנְץ לֶער אוּנ וִויכְט עֶס גֶעפִינְט זִיךְ דָארִין קֵיין זַאךְ נִיט נוּר
אַפְּאמַאסְט וואוּ צוּ שְׁלָאפִין אוּנ וַוייטֶער גָאר נִיט, וִויא זַיי זַיינֶען
אַרַיין גִיקוּמֶען אִין שְׁטִיבִּיל זָאגְט ר׳ מרדכי גָאט הֶעלְף אַייךְ לִיבֶּער
פְרַיינְד, זָאגְט דֶער אִידִיל צוּ אִים מַיין לִיבֶּער פְרַיינְד וִויא קוּמְט
אִיר אַהֶער, אַזוֹי פַאר צֵיילְט עֶר אִים דָאס זַיי זַיינֶען פַאר בְּלָאנְזֶעט
אִין דִיזֶען וַואלְד שׁוֹין אַגַאנְצֶע וָואךְ אוּנ יֶעצְט אִיז שׁוֹין צְוֶועלְף
דִיא אוּהְר אוּנ זַיי הָאבִּין שׁוֹין גֶעוָואלְט בְּלַייבִּין שַׁבָּת אִין מִיטְ

וואלד נור נאט ב"ה האט אן גייעהן זייער צער אונ האט דער
לייבט זייערע אויגען דאס זייא האבין דער זעהען דיזע שטיבל,
יעצט מיין ליבער פריינד מוזט איר אונז לאזין שבת האלטין בייא
אייך, רופט זיך אפ דער אלטער מאן מיין ליבער פריינד ווי אזו
פאר לאנגט איר פון מיר אזא זאך וואס איך קאן דאס אייך ניט
ערפילען דען איר זעהט דאך אליין מיט אייערע אויגין דאס מיין
שטיבעלע איז זייער קליין אונ שמוציג, דער צו איז זיא לעהר
עס געפינט זיך ניט דערויין קיין זאך וויא זאלט איר זיין בייא מיר
שבת, אונ דאן האב איך אליין אויך ניט וואס צו עסין וואס
זאל איך אייך פינף מענשין געבין צו עסין, דארום מיין ליבער
פריינד וועל איך אייך איין עצה געבין דא ניט ווייט פון דאנען
נור איין מייל איז דא א שטאט אונ עס איז נאך גאנץ פריא איר
קענט נאך קומען אין שטאט אריין אויף שבת איך זעה דאך איין
דאס איהר זייט ארענטליכע מענשין וועט מען אייך אויף נעמען
אויפין בעסטין אופן, רופט זיך אפ ר' מרדכי מיין ליבער פריינד
אייער עצה איז גוט אבער איך קאן דאך פון היר ניט מעהר
פארין דען אזו האב איך א צוואה פון מיין פאטער דאס איך זאל
פרייטיג נאך צוועלף ניט פארין, נור דאס קאן איך טאן איך וועל
שיקען מיט אייך אפאר מענשין אין שטאט אריין אונ איך וועל
זיי מיט געבין געלד גענוג אונ זיי וועלין אריס ברייניגען דעם
גאנצען שבת מיט אלע מהסורים פיקס אונ פערטיג, נוא זאגט
דער אלטער אז אזו בין איך צופרידען, מען האט איין געשפאנט
דיא בעסטע פאר פערד אונ דער אלטער מיט נאך צוויי מענשין
האבין זיך אריין געזעצט אונ ער האט זיי מיט גיגעבין גענוג געלד
אונ מען איז אריין געפלויגען אין שטאט אונ מען האט גיקויפט
חלה פלייש פיש וויין אונ שנאפס גאנץ גענוג, הכלל מען האט
צוזאמען געקויפט אלע נוטע זאכין אונ אנגעטען טיש מיט שטולען
אונ אזאפע אונ מען איז גלייך גיקומען צוריק, עס האט גאנץ
ייניג געדויערט אז ביז דיא אוהר איז גיוועזען פיר איז שוין פארטיג
וועזן דער גאנצער שבת וויא בייא דעם גרעסטין גביר עס האט
יין זאך ניט אויס גיפעלט, עס איז דאמאלס גיוועזן פאר ימים

נוֹרָאִים , דַאן הָאבִּין אַלֶע מְקַבֵּל שַׁבָּת גִיוֶועֶן מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה ד
דִיא שְׁטִיבֶּעלֶע אִיז שׁוֹין גָאר נִיט גִיוֶועֶן דִיא זֶעלְבֶּע וִויא פְרִי
זִיא הָאט יֶעצְט אוֹיס גִיזֶעהְן אַיין וַואֶרֶער פַּארַאדִיז מִיט אַלֶ
בֶּעקְסְטִין , נַאכְדֶעם וִויא מֶען הָאט אָפּ גִידַאוִוינְט הָאבִּין זִיךְ אַ
אַרוּם גִיזֶעצְט אַרוּם טִישׁ אוּנ מֶען הָאט גִימַאכְט קִידוּשׁ אוֹיף וַו
מֶען הָאט גִינוּמֶען דֶער לַאנְגֶען צוּם טִישׁ גוּטֶע שְׁפַּייז אוּנ הָאבּ
זִיךְ זַייעֶר פְרֵיילִיךְ גִילֶעבְּט אוּנ גָאט גִידַאנְקְט דָאס עֶר הָאט
דֶער פְרֵייט מִיט אַזַא שַׁבָּת וָואס זַיי הָאבִּין זִיךְ דַארוּיף גָאר נִ
גֶערִיכְט , נוּר אוּנְזֶער ר׳ מרדכין הָאט אַיין זַאךְ שְׁטַארְק גֶעוּוא
דֶערְט וָואס עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אָפּ וואוּנְדֶערִין דִיא גַאנְ
צַייט , דֶען עֶר הָאט בַּאמֶערְקְט אַז צוּ יֶעדֶער גֶערִיכְט וִויא ד
בַּעַל הַבַּיִתְטֶע גֵייט דֶער לַאנְגֶען לַייגְט זִיא פְרִיעֶר דִיא עֶסִין א
אַטֶעלֶער אוּנ גֵייט אַרוֹיס אוֹיף דְרוֹיסִין אוּנ קוּמְט צוּרִיק אַרַיין לַיי
אַזוֹי טוּט זִיא פוּן יֶעדֶער עֶסִין נוּר פְרֶעגִין הָאט אִים נִיט גִיפַּא
הָאט עֶר דָאס אַגַאנְץ שַׁבָּת גִיהַאלְטִין אִין גִידַאנְקֶען אוּנ דָאס גְלַיי
אִין דֶער פְרִיא אוּנ צוּ שָׁלוֹשׁ סְעוּדוֹת אוֹיךְ אַזוֹי , בְּקִיצוּר זַיי הָא
זִיךְ אָפּ גִילֶעבְּט זַייעֶר אַפְרֵיילִיכֶען שַׁבָּת מִיט אַלֶעם גוּטִין .
דֶער שַׁבָּת אִיז זִיךְ פַּאר בַּייא גִינַאנְגֶען עֶס אִיז גִיקוּמֶען שַׁ
צוּ נַאכְט נָאךְ הַבְדָלָה הָאט גֶעהֵייסֶען ר׳ מרדכי אַיין שְׁפַּאנֶען ד
פֶערְד אוּנ מִיא זָאל אַרַיין פָארֶען אִין שְׁטָאט אוּנ פוּן דָארְ
פָארֶען אַהֵיים דֶען עֶס קוּמְט שׁוֹין אָן דִיא הֵיילִיגֶע טֶעג , אוּנ
הָאט גִיפְרֶעגְט דֶעם בַּעַל הַבַּיִת וִויא פִיל עֶס קוּמְט אִים פַאר שַׁבָּ
פַאנְגְט אָן דֶער אָרֶעמֶער אִידִיל צוּ לַאכִין אוּנ זָאגְט אִיר הָאט
אוֹיס גֶעהַאלְטִין מִיט אַזַא שַׁבָּת וָואס אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַזַא שַׁ
נִיט גִיהַאט אוּנ אִיר זָאלְט מִיר נָאךְ צוּ צָאלֶען , עֶנְטְפֶערְט ר׳ מרד
אִיךְ וִויל אַייעֶר בַּאלֶעסְטוּנְג אוּם זָאנְסְט נִיט פַאר לַאנְגֶען ,
אִיךְ מוּז אַייךְ דֶער פַאר בַּאצָאלֶען , נוּר אַיין זַאךְ וֶועל אִיךְ אַ
פְרֶעגִין אוּנ אִיךְ בַּאשְׁוֶוער אַייךְ אַז אִיר מוּזְט מִיר זָאגִין דֶעם אֶ
וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַגַאנְץ שַׁבָּת נִיט גִיקֶענְט אָפּ וואוּנְדֶערִ
זָאגְט דֶער אִידִיל צוּ אִים וָואס הָאט אִיר זִיךְ אַזוֹי גֶעוּואוּנְדֶערְ
עֶנְטְפֶערְט ר׳ מרדכי אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעוּואוּנְדֶערְט דָאס בַּייא יֶע

וָואס מֶען הָאט בַּאדַארְפְט דֶער לַאנְגֶען צוּם טִישׁ הָאט אַלְץ אַייעֶר
זִיא אַרוֹיס גֶעטְרָאגִין אוֹיף אַטֶעלֶער אִין דְרוֹיסֶען אוּנ אִיז צוּרִיק
יין מִיט אַלֵיידִיגֶען טֶעלֶער אַלְזָא מוּז דָאךְ דָאס וָואס בַּאטַייטִין,
טְפֶּערְט אִיהם דֶער אָרֶעמֶער אִידִיל נֶעבַּאךְ מִיט אַצוּבְרָאכֶענֶע
מִיט מַיין לִיבֶּער פְּרַיינְד אִיךְ וִויל אַייךְ אֲפִילוּ גָאר נִיט מְגַלֶה
ן נוּר וַוייל אִיר הָאט מִיךְ בַּאשְׁוואוֹרֶען מוּז אִיךְ אַייךְ דֶעם אֶמֶת
גִין, אִיךְ וואוֹין שׁוֹין דָא דְרַייסִיג יָאהר אִין דִיזֶען וַואלְד אוּנ
גֶער זִיךְ וָואס אִיךְ טְרָאג אַלֶע טָאג אִין שְׁטָאט הָאלְץ אוּנ פַּאר
יף דָאס אוּנ קוֹיף דֶער פַאר אַלֶעבִּיל בְּרוֹיט, מֶער קוּמְט מִיר פוּן
אס גֶעלְד נִיט אוֹיס צוּא קוֹפֶען, אוּנ אִיךְ הָאבּ דְרַייא גְרוֹיסֶע
עכְטֶער דִיא עֶלְסְטֶע אִיז אַלְט דְרַייסִיג יָאהר אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע
נְה אוּנ צְוַואנְצִיג יָאר אוּנ דִיא דְרִיטֶע צְוַואנְצִיג יָאהר אוּנ זַיי
עֶן אַלֶע נַאקֶעט דֶען אִיךְ הָאבּ זַייא נִיט מִיט וָואס צוּ נַייֶען
הֶעמְד, הָאבּ אִיךְ אוּנְטֶער מַיין שְׁטִיבִּיל אַהֵייל וָואס דָארְטִין לִיגֶען
א אַלֶע דְרַייא אוּנ אוֹיף דֶער וַוייכְער וֶועלְט קוּמֶען זַייא קֵיין
אל נִיט אַרוֹיס, נוּר דִיא זֶעלְבֶּע שְׁטִיבְּקִיל בְּרוֹיט וָואס מִיר עֶסִין
אגְט מַיין פְרוֹיא זַייא אוֹיךְ אַרוּנְטֶער יֶעדֶען טָאג אוּנ אַזוֹי פִיר
ךְ אָבּ מַיין וֶועלְט.

וְויא ר׳ מרדכי הָאט דָאס דֶער הֶערְט אִיז אִים גְלַייךְ אַרַיין
ן נָאז אוּנ זָאגְט צוּ דֶעם אָרֶעמֶען אִידִיל לִיבֶּער פְּרַיינְד אִיז נִיט
גְלִיךְ אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען זֶעהֶען אַייֶערֶע טֶעכְטֶער, רוּפְט זִיךְ
דֶער אָרֶעמֶער אִידִיל נַיין דָאס אִיז אוּם מֶעגְלַאךְ, דֶען וִויא אַזוֹ
לְט אִיר זַיי קֶענֶען זֶעהֶען אַז זַיי זַיינֶען גַאנְץ נַאקֶעט, זָאגְט ר׳
דכי עֶס שַׁאט נִיט אִיךְ הָאבּ דֶער צוּ אַמִיטִיל, עֶר גֵייט אַרוֹיס
זַיינֶע מֶענְשִׁין אוּנ הֵייסְט זַיי אַרַיין טְרָאגֶען טַייֶערֶע קְלֵיידֶער
דֶער לַאנְגְט דֶעם אִידִין אוּנ זָאגְט צוּ אִיהם נַאט אַייךְ דִיזֶע
יידֶער אוּנ גֵייט טוּט אָן אַייֶערֶע דְרַייא טֶעכְטֶער אוּנ בְּרֵיינְגְט
אַרַיין אִין שְׁטִיבִּיל, דֶער אִיד הָאט צוּ גִינוּמֶען דִיא קְלֵיידֶער
ט גְרוֹיס פְרֵייד אוּנ אִיז אִין דֶער גִיךְ אַרָאפּ אִין קֶעלֶער צוּ זַיינֶע
כְטֶער אוּנ הָאט זַיי אָן גִיצוֹיגֶען דִיא קְלֵיידֶער וָואס זַיי הָאבִּין
ךְ צַייט זַייעֶר לֶעבִּין נָאךְ קֵיין קְלֵיידֶער אוּנ קֵיין הֶעמְד אוֹיף

זַייעֶר לַייבּ נִיט גִיהַאט, אוּנ עֶר הָאט זַיי אַלֶעמֶען אַבַּיין גֶעפִ
אִין שְׁטִיבִּיל אוּנ זָאגְט צוּ זַיי דַאנְקְט דִיזֶען הֶערְן וָואס עֶר הָ
אַייךְ דִיא לִיכְטִיגֶע וֶועלְט גֶעוִויזֶען, זַיי זַייגֶען אִים גֶעפַאלִין צוּ ד
פִּים אוּנ דַאנְקְ׳ן אִים.

וְויא עֶר הָאט זַיי דֶער זֶעהְן אִיז אִים פַאר בְּלֶענְדֶעט גֶעוָוא
זַיינֶע אוֹיגֶען פַאר גְרוֹיס שַׁיינְקַיט דֶען צַייט עֶר לֶעבְּט אוּנ עֶר
דוּרְךְ גֶעפָארִין אַזוֹ פִּיל שְׁטֶעט אוּנ הָאט דָאךְ גִיזֶעהֶן אַלֶע מֵיידְלֶ
הָאט עֶר נָאךְ אַזֶעלְכֶע בִּילְד שַׁיינֶע נִיט גִיזֶעהֶן אִיבֶּער הוֹיפְּט ז
אִינְגְכְטֶע טָאכְטֶער אִיז גָאר אוּם נַאטִירְלִיךְ אִיר שַׁיינְקַייט גִיז
עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין וְויא אַצוּמִישְׁטֶער, אֲפִילוּ זַייעֶר קְלוּגְ
אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט גִיוֶוען דָאס הָאט מֶען פוּן זַייעֶרֶע גֶעזִיכְט
אַרוֹיס גִיזֶעהִן אוּנ זַייעֶרֶע גוּטֶע מַעֲלוֹת וָואס נוּר גֶעבִּין קֶען א
דֶער וֶועלְט, אַזוֹ נֶעמְט עֶר אַרוֹיס זַיין שִׁיכֶעלֶע אוּנ רוּפְט צוּ ד
עֶלְצְטֶע טָאכְטֶער אוּנ מֶעסְט אִיר אָן אוּנ עֶס פַּאסְט נִיט, נַאכְ
פַּאסְט עֶר אָן דִיא צְוֵוייטֶע טָאכְטֶער אוּנ עֶס פַּאסְט אוֹיךְ נִ
נָאךְ דֶעם נֶעמְט עֶר דִיא שִׁיכֶעלֶע אוּנ פַּאסְט אָן דִיא דְרִ
טָאכְטֶער אוּנ וְויא עֶר הָאט אִיר אָן גִיטָאן אִיז גִיוֶוען דִיא שִׁי
רִיכְטִיג פַּאר אִיר גֶענֵייט צוּם רִיכְטִיגֶען מָאס, וְויא פַאר שְׁטֵיינְ
אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין וְויא עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען אַז גָאט
הָאט אִיהם אַזַא מֶערְקְווִירְדִיגֶע פַּארְשׁוֹין מִיט אַלֶע גוּטֶע מַ
בַּאשֶׁערְט, הָאט עֶר שׁוֹין פָאר אוֹיס אָפּ גִיגֶעבִּין אַשֶׁבַח צוּ ג
ב"ה אֵיידֶער עֶר הָאט אִיר בֶּעקוּמֶען אַזוֹ וְויא אֱלִיעֶזֶר עֶבֶד אַבְ
הָאט אָפּ גִיגֶעבִּין אַשֶׁבַח צוּ גָאט פַאר רִבְקָה אֵיידֶער עֶר ה
אִיר נָאךְ בֶּעקוּמֶען פַאר אַפְּרוֹי צוּ יצחק, אוּנ ר׳ מרדכי רוּפְט
אָפּ צוּ דֶעם אָרֶעמֶען אִידִיל הֶערְט צוּ מַיין לִיבֶּער פְרַיינד ה
אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען, אִיר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיךְ וִויל א
אִינְגְסְטֶע טָאכְטֶער פַאר אַפְּרוֹי נֶעמֶען, אִיהר בֶּעדַארְפְט זִיךְ
שֶׁעמֶען מִיט מִיר אִיךְ זָאל זַיין אַייעֶר אֵיידִים, דֶען אִיךְ בִּין
שְׁטַאנְד אִיר גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכִין דֶען אִיךְ בִּין אַגְרוֹיסֶער גְבִיר
אִיר נוּר דַיינְקִין קֶענְט אוּנ דֶער צוּ בִּין אִיךְ אַגְרוֹיסֶער לַמְדָן א
רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער יוּד כַּיין לִיבֶּער פְרַיינְד אִיךְ זֶעה אַיין אַז

ט אין אײדעלער מענש פאר וואס וואלט איר אויס לאבין אײן
עמאן אז דער ליבער גאט האט מיך גישטראפט מיט ארעמקייט,
טפערט אים ר' מרדכי ניין מיין ליבער פריינד איך בין ניט דער
ביש דאס איך זאל לאבין פון מענשין אונ איך מיין קיין שום
עכטער ניט נור גאנץ ריכטיג דאס איר זאלט מיר געבין אייער
גסטע טאכטער פאר אפרוי, דען איך וויים גאנץ געוויס דאס
איז מיין ווירקליכע באשערטע פון גאט ב"ה, וויא דער פאטער
ט גיזעהען אז ער מיינט טאקע אויף ריכטיג זאגט ער צו אים
ם האב איך נאך דער בייא וואס איבער צו ריידין נור אז איר
ם צו פרידען בין איך געוויס צו פרידען, נור דער אײנער אב
לט איז וואס איך קאן ניט פאר שעמען מיינע צוויי טעכטער
ם זיא זאל חתונה האבין אונ זיי זאלין בלייבען זיצען דאס
ערט מיר מיין גליק, אז נור דאס איז דער גאנצער אפ האלט
ט זיך אן דער יונגער מאן קאן איך דאס אייך פאר גלייכען,
זעצט זיך אריין צו מיר אין קאליש מיט אייער פרויא אונ
ערע טעכטער, אונ מיר ועלין אלע צוזאמען אריין פארין אין
אט, אונ איר וועט שוין מער דא אין וואלד ניט וואוגען אונ
אגין האלץ אויף אייערע שולטערין, איך וועל אייך מאכען
שעפט, אונ אייערע צוויי טעכטער וועל איך זייער שיין אויס
דין אויפין שענסטין ארט אונ איך וועל זיי געבין צו טויזענד
אטען נדן מיט אלע אויס שטייער, אונ נאכהער וועל איך
נה האבין מיט מיין באשערטע, דער אלטער פאטער האט
זייער גידאנקט אונ פאר פרייד האט ער גאר ניט געוואוסט
ם עס טוט זיך מיט איהם צו איז דאס אחלום אדער אויפין
וואס גאט ב"ה האט אים אראפ געשיקט אזא גרויסע הילף
הימיל וואס דאס איז קיין מאל ניט פאר גיקומען:

אלע האבין זיך אריין גיזעצט אין דיא פורען, מיינע ליבע
ערס איר קענט זיך וואול דיינקען מיט וואס פאר אפרייד דיא
כטער האבין זיך אפ גיזעגינט פון זייער פינסטערין קעלער וויא
טרערין זיי האבין פאר גאסין פאר פריידע וואס זיי האבין
אפ געשייד פון זייער לעבעדיגען קבר, מען איז אריין געפארין

אין שטאט שוין ניט דער האלץ טרעגער דען גלייך האט אים
מרדכי געקויפט אגרויסע הויז מיט אבוד אונ האט אן געפא
אין כוד ויידין צייג וואס ער האט גיהאט מיט זיך, אונ באלד
גיוועזן פאר ביידע טעכטער חתנים דיא גרייליכע דען פאר וו
עלטערט זיך אמיידיל נור איבער נדן אונ וויא באלד אז געלד
דא געפינט זיך שוין איר פארטי גיך אונ באלד, אונ מען ה
געמאכט דרייא התונות אין איין טאג מיט גרויס פאראד וויא
שטענדיג אין. פאר אזא גרויסען גביר אונ ער האט זייא גימא
אלעמען פאר קציני"ם, אונ האט זייא אלע געלאזין וואוגען
דיא שטאט אונ האט זיך מיט אלע גיזעגינט, אונ האט מיט
גינומען זיין פרויא מיט זיינע מענשין אונ איז זיך בשלום א
געפארין אהיים.

לאמיר זיי לאזין זיצען אין דער היים אונ מיר וועלין
ציילען וואס עס האט זיך פאסירט מיט אונזער נייע פאר פא
דיא נייע פאר פאלג זיינען גיקומען צו פארין אין זייער שטאט
דיא גאנצע שטאט איזף גערירט געווארין פון זייער קומען,
אלע מענשין זיינען געגאנגין זעהן איהר שיינהייט ווייל אין
גאנצער וועלט געפינט זיך ניט אזא פארשוין, ער האט גע
אגרויסען מאל צייט פאר דער גאנצע שטאט פאר ארעם אונ
אונ פיל צדקות איז אויס געטיילט געווארין צו נויט באדערפ
מענשין, קורץ אלע האבין זיך געפרייט מיט זייער קומען,
ער האט איר אריין געפירט אין זיינע פאבריקען אונ אין
באנטארין אונ האט איר געוויזען זיין רייכטונג אונ האט אן גיז
צו זיינע אלע מענשין וואס זיינען בייא אים אין גישעפט
זייא זאלין איר געהארזאם זיין אונ זאלין איהר פאר ערשט
ווייזען אלע גישעפטין נאכהער וועט זיא שוין אלץ אליין ווי
אונ ער האט זיך צוריק אוועק גיזעצט אין בית המדרש לע
וויא פריער אונ האט זיך אין קיין שום גישעפט ניט געמישט
איז נור גיזעסין טאג אונ נאכט אונ גילערינט אונ דיא צד
אונ גמילות חסדים האט ער נאך פאר גרעסערט וויא זיין פא
אונ זיין פרויא וואס מען האט איר גערופין מיט איר נאמען

מֶע דְבוֹרָה הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּם גִישֶׁעפְט אוּנ אִין אַקוּרְצֶע
ט הָאט זִיא שׁוֹין גְעוואוּכְט אַלֶע גִישֶׁעפְטִין בֶּעסֶער וִויא דִיא
הַאלְטֶערְס אוּנ וִויא אַלֶע פַאבְּרִיקַאנְטִין, דֶען אִיר קְלוּגְהַייט
גִיוֶועֶן זֵייעֶר גְרוֹיס, אוּנ עֶס הָאט זַייא זֵייעֶר מַצְלִיחַ גִיוֶועֶן
אַלֶע גִישֶׁעפְטִין, בְּקִיצוּר זַייא זַיינֶען גֶעווָארִין אַלֶע טָאג רַייכֶער
זֵייעֶרֶע פַאבְּרִיקֶען הָאבִּין זִיךְ פִיל פַארְגְרֶעסֶערְט אוֹיךְ אַלֶע
נְטָארִין דָאס אִין אַמֶשֶׁךְ פוּן דְרַייא יָאר זַיינֶען זַייא גִיוֶועֶן דִיא
בְּסְטֶע אִין גַאנְץ אמשטרדם אוּנ אִין דֶער וֶועלְט אִיז אוֹיךְ נִיט
עֶן צוּא פִינְדֶען זֵייעֶר גְלַייכִין אִין רַייכְקַייט אוּנ אִין פְרוּמְקַייט
אִין גוּטְקַייט צוּ יֶעדֶען מֶענְשִׁין אַזוֹ עֶר אוּנ אַזוֹ דִיא פְרוּמֶע
רָה אוּנ זַייא זַיינֶען גִיוֶועֶן זֵייעֶר תַּקִיף אִין קִינִיגְלִיכֶען הוֹיף אוֹיךְ
בְּכְט בַּייא דֶעם קֶענִיג אוּנ קֶענִיגִין דֶען מֶעהר וִויא אַהַאלְבֶּע
אט הָאבִּין גִילֶעבְּט נוּר פוּן זַיין הוֹיז, זֵייעֶרֶע הַייזֶער אוּנ בּוֹדִין
בִּין פַאר נוּמֶען גְרוֹיסֶע גַאסִין אִין שְׁטָאט.

ויהי היום אִיז אָן גִיקוּמֶען אַבְּרִיף פוּן אָכְט אִינְדִיעֶן פוּן
וֹיסֶע קִינִיגְלִיכֶע שְׁטָאט וָואס מֶען הָאט אִיר גֶערוּפִין מִיט אִיר
מֶען שִׁילֶעצָאק פוּן אַגְרוֹיסֶען זַיידִין סוֹחֵר דָאס יֶעצְט אִיז בַּייא
אַזוֹ פִיל גֶעשֶׁעטִיגֶען זַיידִין וַואארֶע דָאס עֶס אִיז מִיט גָאלְד גֶע-
כְט צוּ גְלַייךְ אוּנ עֶס אִיז אִין עֶרְגֶעץ נִיט דָא צוּ בַּאקוּמֶען,
עֶר הָאט גִיהֶערְט אַז אִין אמשטרדם אִיז פַאר הַאנְדִין אַזַא
יכֶער זַיידִין פַאבְּרִיקַאנְט אַז אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט גֶעפִינְט זִיךְ
אַזֶעלְכֶער נִיט אַיין, דַארוּם שְׁרַייבּ אִיךְ אַייךְ מַיין לִיבֶּער הֶערר
בּ אִיר וִוילְט קוּמֶען אַהֶער מִיט אַשִׁיף זַיידִין וַואארֶע וֶועט אִיר
יק פִירֶען דִיא זֶעלְבֶּע שִׁיף מִיט גֶעלְד, אוּנ בֶּעט אִים דָאס עֶר
ל וָואס צוּם פְרִיעֶרְסְטִין זֶעהֶען צוּ קוּמֶען, דֶער סוֹחֵר שְׁרַייבְּט
ם אוּנְטֶער זַיין אַדְרֶעסֶע וואוּ עֶר זָאל מִיט זַיין סְחוֹרָה אָן קוּמֶען
אִים, וִויא דֶער בְּרִיף אִיז אָן גִיקוּמֶען אִין קַאנְטָאר אוּנ דִיא
וּמֶע דבורה הָאט דָאס אִיבֶּער גִילֶעזִין הָאט זִיא גָאר נִיט גֶעוואוּכְט
א צוּ מַאכִין דֶען צוּ שִׁיקֶען מִיט מֶענְשִׁין אִיז זֵייעֶר וַוייט דִיא
ינָה קָאן מֶען זִיךְ נִיט אָן טְרוֹיעֶן אוֹיף אַפְרֶעמְדִין מֶענְשִׁין אַזַא
יגִינְס מִיט גֶעלְד וִויא עֶס מַאכְט זִיךְ מִיט אַפְרֶעמְדִין מֶענְשִׁין,

איז ביא איר געבליבען אפלאן צו שיקען נאך איר מאן אין בית המדרש אונ מיט אים זיך בעראטין ווי מען זאל דיא זאך מאכי ר׳ מרדכי איז גיקומען פון בית המדרש האט זיא איהם גיפרעגט וויא מען זאל דיא זאך מאכין דען דורך פרעמדע מענשין צו שיקע אזו פיל סחורה איז אום מיגלאך, האט זיך אפ גערופין ר׳ מרדכי מיין ליבע פרויא דו ווייסט דאך אז איך מיש זיך ניט אין קיין גישעפט וויא דו פארשטייסט אזוי טוא, מיין מיינונג איז האט זיך דבורה אפ גערופין אז דאס היינטיגע מאל זאלסטו אליין פארען מיט דיא סחורה קיין אסט אינדיען פאר קויפען, ניין האט זיך אפ גערופין ר׳ מרדכי צו זיין פרוי דאס דיינק גאר ניט דען דאס איז גאנץ אום מיגלאך אין דער וועלט, דען דו ווייסט דאך דאס איך האב פון מיין פרומען פאטער עליו השלום אצוואה דאס איך זאל אין ערגעץ ניט פארען אין קיין עסק, אונ עס איז שוין היינט דרייא יאר אונ איך זיץ אונ לערין קאן איך מיין פאטערס צוואה אויף קיין מאל אין דער וועלט ברעכין אונ איך מוז ווייטער זיצען אונ לערנען, האט זיך דיא פרויא אב גערופין מיין ליבער מאן דו ביזט אפילו גאנץ גירעכט נור היינטיגען מאל מוזטו דיין פאטערס צוואה ברעכין אונ פארען מיט דיא סחורה דען עס קען אנדערס ניט זיין דען מיר ווערין דעם היינטיגען מאל דיא גליקליכסטע אין דער וועלט ווערין אונ נאך איין מאהל וועל איך דיר שוין ניט שטערין פון לערנען נור דעם איין מאהל וייל עס שטייט אונז פאר אגרויסען גליק אונ מיר דארפין דאס ניט אוועק שטויסען איך מיין אז דיין פאטער וועט אויך אויף דעם איין מאל קיין פאראיבעל ניט האבין אויף דיר, זייער שטרייט האט אזו גדויערט איינינגע טעג עס פאר שטייט זיך מן הסתם האט זיא אוים געפירט, ער האט געמוזט נאך געבין איר ווילען דען וואס איז אין דער וועלט נאך אזו שטארק וויא דיא רייד פון איין אשה, ער האט געבאך ניט ווילענדיג זיך געמוזט רייזע פארטיג מאכין צוא אזא ווייטע וועג וואס אויף זיין לעבין איז ער דארטין ניט גיוועין, מען האט גינומען צוזאמען פאקען זיידען צייג אזו פיל וויא האלץ אונ מען האט געדונגען אשיף אונ ער איז אין איינינגע וואכען וויא ער

צוואה

הָאט זיךְ נור צוזַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען אָפּ גֶערֵייזְט , אוּנ וְויא גְרוֹיס אִיז
גֶעבַּאךְ גִיוֶועזֶען זַיין יָאמֶערן אוּנ וֵויינֶען אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין
זַיינֶע קַאנְטָארֶען אוּנ אִיבֶּער הויפּט הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ מֶער פַאר-
נַאנְדֶער גֶעוֵויינְט מִיט אַיְאמֶערְלִיכֶען גֶעוֵויין אַז עֶר אִיז זִיךְ אַרַיין
גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית המדרש גֶעזֶעגֶענֶען מִיט אִים , טַייכֶען טְרֶערִין
הָאט עֶר דָארְטִין פַאר גָאסֶען אוֹיף זַיין אָרְט וואוּ עֶר אִיז גִיזֶעסִין
אוּנ גִילֶערְנְט דָאס עֶר מוּז זַיין הֵיילִיגֶען פָּאטֶערְס צַוָאָה בְּרֶעכִין ,
עֶר הָאט אוֹיס גֶעטֵיילְט זֵייעֶר פִיל צְדָקָה פַאר זַיין פָארֶען אוּנ הָאט
זִיךְ אַרַיין גִיזֶעצְט אִין שִׁיף אוּנ אִיז אָפּ גֶערֵייזְט פוּן אמשטרדם .

דֶער ווִינְט הָאט אִים זֵייעֶר גוּט גֶעדִינְט דָאס אִין אַקוּרְצֶע
צַייט אִיז עֶר אָן גִיקוּמֶען קֵיין אָסְט אִינְדִיֶען אִין דִיא שְׁטָאט פוּן
זַאנְגֶען מֶען הָאט אִים גֶעשְׁרִיבֶּען , אוּנ בַּאלְד הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ
גִיפְרֶעגְט אוֹיף דֶעם אַדְרֶעס פוּן דֶעם סוֹחֵר וָואס הָאט אִים דֶעם
בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען , אוּנ עֶר אִיז צוּ אִים אָן גִיקוּמֶען אוּנ הָאט זִיךְ
גִימֶעלְדֶעט דָאס עֶר הָאט גִיבְּרַאכְט זֵייעֶר פִיל זֵיידִין וַואארֶע אַזוֹ
וְויא עֶר הָאט אִים גֶעשְׁרִיבֶּען , דֶער כּ״הֵר הָאט דָאס דֶער הֶערְט
אִיז עֶר זֵייעֶר דָער פְרֵייד גֶעוָוארִין אוּנ הָאט אִים זֵייעֶר אָרֶענְטְלִיךְ
אַנְטְפַאנְגֶען אוּנ הָאט אִים אָפּ גִיגֶעבִּין אַבֶּעזוּנְדֶערִין צִימֶער אוּנ
מֶען הָאט גְלַייךְ גֶעלָאזְט אַרַיין בְּרֵיינְגֶען דִיא אַלֶע סְחוֹרוֹת פוּן שִׁיף
אוּנ מֶען הָאט דָאס אָפּ גֶעוואוֹיגִין אוּנ דֶער קֶענִין גֶעוואוֹיגֶען גָאלְד
אוּנ גֶעפַּאקְט אִין שִׁיף דֶען דֶער סוֹחֵר אִיז אוֹיךְ אַגְרוֹיסֶער גְבִיר
גִיוֶועזֶען , דֶער סוֹחֵר הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אָפּ וואוּנְדֶערִין וואוּ מֶען
נֶעמְט אַזוֹ פִיל זֵיידִין צֵייג , וְויא זַייא הָאבִּין אָפּ גִימַאכְט זֵייעֶר
מִסְחָר , אוּנ אִין אֵיינִיגֶע טֶעג הָאט זִיךְ ר׳ מרדכי גֶעוָואלְט גִיזֶעגְנֶען
מִיטִין סוֹחֵר אוּנ פָארִין צוּ הוֹיז , דֶער נַייל אִיז שׁוֹין זֵייעֶר שְׁפֶּעט
אוּנ טוּנְקִיל גֶעוָוארִין , הָאט אִים דֶער סוֹחֵר גִיזָאגְט מַיין לִיבֶּע
פְרֵיינְד צוּ וָואס זָאלְט אִיר אַרוֹיס פָארֶען אַזוֹ שְׁפֶּעט פוּן שְׁטָאט
נֶעכְטִיגְט שׁוֹין אִיבֶּער אוּנ מָארְגִין פְרִיא וֶועט אִיר מִיט גְלִיק אַ
רֵייזֶען פוּן הִיר , הָאט שׁוֹין ר׳ מרדכי גֶעמוּזְט נִיט וְוילֶענְדִיג בְּלַייבְּ
גֶעכְטִיגֶען בַּייא אִים .

גראדע

צוואה

גְרַאדֶע דִיזֶען טָאג הָאט גֶעטְרָאפְט מַאכִין אֵיינֶער פוּן דִיא
גְרֶעסְטֶע מִינִיסְטֶערְיֶע אַגְרוֹיסֶען בַּאל אוּנ הָאט פַאר לַאדִין צוּ זִיךְ
אַלֶע גְרוֹיסֶע קְוִיפְלַייטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט אוּנ אוֹיךְ דֶעם קֶינִיג מִיט
דִיא קֶינֶעגִינֶע צוּם בַּאל, דַאמָאלְס זַיינֶען זַיי גִיוֶוען גְרוֹיסֶע גֶעצִין
דִינֶער אִין אָסְט אִינְדִיֶען, זַייא הָאבִּין פוּן קַיין גְלוֹיבֶּען אִין דֶער
וֶועלְט נִיט גֶעווּאוּסְט אוּנ אַפְּשִׁיטֶע אִין גָאט אִין הִימִיל הָאבִּין זַיי
גֶעווִּיס נִיט גֶעגְלוֹיבְּט וִויא הַיינְטִיגֶע צַייטֶען גְלוֹיבֶּען אַלֶע אוּמוֹת
אִין גָאט ב"ה, אוּנ זַיי הָאבִּין גֶעדִינְט צוּ פַייֶער אַנְדֶערֶע צוּ וַואסֶער
אוּנ אִין אַנְדֶערֶע נַארֶעשְׁקַייטֶען פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנ פוּן אַיוּדִין
הָאבִּין זַייא גָאר נִיט גֶעוּואוּסְט זַייא הָאבִּין קַיין מָאל נִיט גִיזֶעהֶען
אַיוּד פַאר זַייעֶרֶע אוֹיגֶען אוּנ אוֹיךְ נִיט גֶעטָארְט זֶעהֶען, אַנְדֶערֶע
הָאבִּין גֶעמֵיינְט אַז אַיוּד וַוייזְט אוֹיס וִויא אַמְשׁוּנֶה חַיָה דֶען עֶס
הָאט נָאךְ קַיין מָאל נִיט פַאר בְּלָאנְזֶעט דָארְטִין אַיוּד זָאנְדֶערִין
דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאל אוּנְזֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶען ר' מרדכי, וִויא עֶס אִיז
גִיקוּמֶען אוֹיף דֶער נַאכְט אוּנ אַלֶע הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין זַייעֶר לוּסְטִיג
גֶעמַאכְט זַייעֶר הַארְץ מִיט אַלֶע פַארְגֶענִיגֶען אִין דֶער וֶועלְט וִויא
בַּייא אַזַא גְרוֹיסֶען מַאן הָאט מֶען אָן גֶעפַאנְגִין צוּ לַאכִין אוֹיךְ פוּן
אַיוּד אֵיינֶער הָאט גִיזָאגְט דָאס אַיוּד זֶעהְט אוֹיס וִויא אַבֶּער, אוּנ
אֵיינֶער הָאט גִיזָאגְט דָאס עֶר זֶעהְט אוֹיס וִויא אַוָואלְף, יֶעדֶער
הָאט גִיזָאגְט אַיין אַנְדֶערִין שְׁפְּרָאךְ, אַזוֹ הָאט דָאס דֶעם גְרוֹיסֶען
סוֹחֵר זַייעֶר פַאר דְרָאסִין דֶען עֶר אִיז אוֹיךְ גִיוֶוען גֶעלַאדִין צוּם
בַּאל, אוּנ עֶר וַוייסְט דָאךְ אַז עֶר הָאט גֶעהַאנְדֶעלְט מִיט אַיוּדִין
אוּנ הָאט הַיינְט אַזַא גְרוֹיס גִישֶׁעפְט גִימַאכְט דָאס דִיא גְרֶעכְטֶע
קְוִיפְלַייט פוּן שְׁטָאט זַיינֶען דָאס נִיט אִין שְׁטַאנְד צוּ בַּאטְרַייבִּין אַזַא
גִישֶׁעפְט, הָאט עֶר זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין צוּ אַלֶע וָואס זַיינֶען דָארְטִין
גִיוֶוען מַיינֶע לִיבֶּע הֶערְרִין דַיינְקְט נִיט אַזֶעלְכֶע נַארֶעשְׁקַייט אַיוּד
אִיז אוֹיךְ אַזַא מֶענְשׁ וִויא מִיר אַלֶע זַיינֶען, אוּנ נָאךְ מֶער גֶעלְד
אִיז בַּייא זַייא פַאר הַאנְדִין וִויא בַּייא אוּנְז אִיז דָא, הָאבִּין זַייא
אָן גֶעפַאנְגִין פוּן אִים צוּ לַאכִין אוּנ זָאגִין צוּ אִים וִויא קָאנְסְט
דָאס אַזוֹ וִויסֶען צוּ הָאסְטוּ דֶען וֶוען גִיזֶעהֶען וִויא אַיוּד וַוייזְט
אוֹיס, עֶנְטְפֶערְט דֶער סוֹחֵר אַז אִיר וָואלְט מִיר אַלֶע צוּ שְׁוֶוערִי

וָאס אִיהר וֶועט אִים קֵיין בֵּייז נִיט טָאן וָואלְט אִיךְ אַייךְ בַּאלְ
צַייגִין אַיוּדִין פַאר אַייֶערֶע אוֹיגֶען זֵייֶער אַרַייכֶען, וִויא זֵייא הָאבִּין
דָאס דֶער הֶערְט הָאבִּין זִיךְ אַלֶע אָפּ גֶערִיפִּין מִיר שְׁוֶוערִין דִיר צוּ,
אוּנ אוֹיךְ דֶער קֵינִיג זֶעלְבְּסְט הָאט צוּ גֶעשְׁווָאוּרֶען דָאס עֶר וֶועט
אִים קֵיין בֵּייז טָאן, נוּר אֵיין מָאל מוּזֶען מִיר זֶעהְן וִויא אַיוּד וַוייזְט
אוֹיס חָאמְטְשׁ עֶס אִיז בֵּייא זֵייא פַאר בָּאטֶען, אַזוֹי אִיז דֶער סוֹחֵר
אַהֵיים גֶעגַאנְגִין אוּנ הָאט גִיבֶּעטִין ר' מרדכי דָאס עֶר זָאל מִיט אִים
מִיט גֵיין, אוּנ אִין דִיזֶען ר' מרדכי הָאט שׁוֹין זַיין הַארְץ גֶעצִיטֶערְט
אִין אִיהם אַגַאנְצֶע נַאכְט דָאס עֶר הָאט זִיךְ קֵיין אָרְט גִיפִינֶען,
אוּנ נִיט ווִילֶענְדִיג הָאט גֶעמוּזְט אוּנְזֶער ר' מרדכי גֵיין מִיט דֶעם
סוֹחֵר וואוּ עֶר הָאט אִים גֶעפִירְט, וִויא עֶר הָאט אִים אַרַיין גֶעפִירְט
אִיז עֶר זֵייעֶר צוּא שְׁרָאקִין גֶעוָוארִין זֶעהֶענְדִיג אַזַא פַּארַאד מִיט
אַזוֹי פִיל גֶעסְט, אִיז עֶר שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף זַיין אָרְט אוּנ הָאט
וַוייטֶער נִיט גִיקָאנְט גֵיין, הָאט זִיךְ דֶער סוֹחֵר אָפּ גֶערוּפִין צוּא
אַלֶע גֶעסְט וָואס זַיינֶען דָארְטִין גִיזֶעסִין אַט דָאס אִיז אַרַייכֶער יוּד
זֶעהְט אִיהר אִים עֶר וַוייזְט אוֹיס אַקוּרַאט וִויא מִיר וַוייזֶען אוֹיס
נִיט וִויא אִיר דֵיינְקְט, וִויא זֵייא הָאבִּין אִים דֶער זֶעהֶען זַיינֶען
זֵייא אַלֶע אַרוּם גֶעפַאלִין אַרוּם אִים וִויא דִיא בִּינֶען אוּנ זֵיי הָאבִּין
זִיךְ גִינוּמֶען לוּסְטִיג מַאכִין אִיבֶּער אִים דֶער הָאט אִים דֶערְלַאנְגְט
אַרִים אוּנ דֶער אַצְוּפּ, בְּקִיצוּר עֶר אִיז נֶעבַּאךְ אַרַיין גֶעפַאלִין וִויא
אַשֶׁעפְּסֶעלֶע אִין אַהוּנְגֶערִיגֶע לֵייבִין גְרוּבּ עֶר זֶעהְט דָא אַז עֶס אִיז
מִיט אִים זֵייעֶר שְׁלֶעכְט רוּפְט עֶר זִיךְ אָן צוּ זַיין סוֹחֵר וָואס הָאט
אִים אַרַיין גֶעפִירְט מַיין לִיבֶּער פְרַיינְד וָואס הָאסְטוּ מִיר אַזוֹי פַאר
פִירְט, אִיךְ בִּין דָאךְ אַרַיין גֶעפַאלִין וִויא צוּ ווִישֶׁען הִינְד, אַזוֹי
הָאבִּין זִיךְ אַלֶע אָפּ גֶערוּפִין מִיט אַקוֹל דִיזֶער פַאר פְלוּכְטֶער יוּד
וֶועט אוּנְז נָאךְ אַלֶעמֶען הִינְד רוּפֶען נִיט אַנְדֶערְשׁ מֶען זָאל אִים
שׁוֹין אוֹיף דֶער זֶעלְבִּיגֶע שְׁטֶעלֶע טוֹיט שְׁלָאגִין, הָאט זִיךְ דֶער סוֹחֵר
אָפּ גֶערוּפִין מַיינֶע לִיבֶּע בְּרִידֶער אִיר הַאלְט דָאךְ נִיט אַייעֶר שְׁבוּעָה
אִיר הָאט דָאךְ מִיר אַלֶע צוּ גֶעשְׁווָארִין דָאס אִיר וֶועט אִים קֵיין
בֵּייז טָאן אוּנ יֶעצְט ווִילְט אִיר אִים הַארְגֶענֶען דָאס גֵייט נִיט,
הָאבִּין זִיךְ אַלֶע אָפּ גֶערוּפִין מִיר קֶענֶען אוּנְזֶער שְׁבוּעָה נִיט הַאלְטֶען

צוואה

ניט

ניט אַנדערש מען טוז אים האַרגענען וויא קאָן ער אונז אַלעמען רופען הינד, איז מען צו געגאַנגען צום מלך פרעגין וואס פאר אַטויט מען זאָל אים געבין, האָבין אַלע גיקלערט וועגין דעם האט זיך איינער פון מניסטעריע אָפּ גערופען דאס איז צו ווייניג אַז מען זאָל אים האַרגענען, מיין עצה איז דאס זיין אייגענעם אורטייל וואס ער האט גענאָגט דאס מיר זיינען הינד זאל מען אים אָפּ טאָן, מען זאל נעמען דעם גרויסען קיניגליכען הונד וואס שטייט בייא דעם טויער אָן געשמיד זאל מען אים האַרגענען אונ דיא פעל זאל מען דעם יודען אָן ציהען אונ גוט אַרום נייען אהן אים אונ אים אָן שטידען אויף דער זעלבער שטעלע וויא דער הונד שטייט אונ יעדער ווער עס וועט פאר בייא גיין פאר איהם מוז אים דער לאַנגען אַבריק מיטען פוס אונ אַשפּייא אויף אים אַז מיין איך וואס זאגט איר אַלע דער צו, האָבין זיך אַלע אונ זעלבסט דער קיניג אָפּ גערופין דער פלאַן איז זייער גוט בעסער קען ניט זיין, מען האט אַזוי גיטאָן וויא דער מיניסטער האט געהייסין מען האט דעם גרויסען הונד גיהאַרגעט אונ זיין פעל האט מען אָן געצויגען אונזער עלענדין ר׳ מרדכי אונ ווער עס איז פאר בייא גענאַנגין פאר אים האט אויף דעם יודישען הונד געמוזט אַרוין שפייען אונ אַבריק מיטען פוס אויך דער צוא געבין, אונ עטלי פלעגט מען אים צו וואַרפען איין מאָל אָדער צווייא מאָל אַמאָ שאַלאַכץ אונ ביינער פון קיך, אַזוי איז ער געבאַך אָפּ גישטאַנע גאַנצע צוועלף יאָר ביז ער איז שוין גאַנץ פאר ווילדעט געוואר אונ האט שוין באַלד זיין לשון פאר לאָרען דען ער איז באַוואַקס געוואָרין מיט האָר וויא אַריכטיגער הונד, אונ דיא שיף מיט דאָ געלד האט מען צו גינומען אין אוצר המלוכה.

מיינע ליבע לעזער איהר קאָנט שוין אַליין פערשטיין וואָ פאר אַלעבין ער האט געבאַך פאר בראַכט דער טויט וואלט אי שוין צעהן מאל בעסער גיוועזן, דען אַלע טאָג האט ער געוויינ אין זיינע טרערין אונ האט גיהאט געגוג צו וויינען אויף זיין או גליק וואס אים האט פּאַסירט וואס ער האט געבראַכין זיין פּאַטער צוואָה אונ וואס ער האט געפאָלגט זיין פרויא.

נוא מַיינֶע לִיבֶּע פְרַיינְד לָאמִיר אִים דָא לָאזֶען אַבִּיסֶעל שְׁטַיין
אוּנ זִיךְ אוּם קֶערִין צוּ דִיא פְרוּמֶע דבורה זִיא הָאט שׁוֹין בַּארֶעכִינְט
פַאר אוֹים דִיא צַייט וֶוען עֶר דַארְף שׁוֹין אַרָאפּ קוּמֶען מִיט דִיא
שִׁיף גָאלְד אָבֶּער וִויא פַאר וואוּנְדֶערְט אִיז זִיא גֶעוָוארִין דָאס עֶס
אִיז שׁוֹין פַאר בַּייא גִינַאנְגֶען אֵיינִיגֶע מָאנַאטִין אוּנ אִיר מַאן הֶערְט
זִיךְ גָאר נִיט אַזוֹ הָאט זִיא שׁוֹין אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ דֵיינְקֶען אַנְדֶערְשׁ
עֶס אִיז שׁוֹין נִיט גְלַאט דִיא מַעֲשֶׂה עֶס מוּז שׁוֹין וָואס בֶּעדַייטִין
אוּנ זִיא הָאט שׁוֹין אָן גֶעפַאנְגֶען חֲרָטָה צוּ הָאבִּין וָואס זִיא הָאט
אִים גֶעשִׁיקְט אִין אַזָא וַוייטֶע וֶועג אוּנ אִים גֶעצְוואוּנְגֶען צוּבְּרֶעכִין
זַיין פָאטֶערְס צַוָואָה אוּנ זִיא אִיז שׁוֹין פוּן טָאג צוּ טָאג טְרוֹיעֶרִיגֶער
גֶעוָוארִין בִּיז זִיא הָאט שׁוֹין אָנְגֶעפַאנְגִין צוּ שְׁפִּירֶען דָאס אִיהר
גֶעלִיבְּטֶער מַאן וָואס הָאט אִיר אַזוֹ גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, פוּן דֶער
פִינְסְטֶערְע גְרוּבּ אַרוֹיס גִינוּמֶען אִין אַזָא רַייכְטוּם אַרַיין גֶעבְּרַאכְט
אִיז שׁוֹין מֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט דָא, אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין קֵיין
הָאפְֿנוּנְג אוֹיף אִים מֶער נִיט צוּ הָאבִּין, הָאט זִיא אָנְגֶעפַאנְגֶען
צוּ קְלָאגִין מִיט אַבִּיטֶער גֶעוֵויין, מַיין לִיבֶּער הַארְצִיגֶער מַאן אִיךְ בִּין
גֶעוֶוען דַיין מַלְאַךְ הַמָוֶת אִיךְ הָאבּ דִיר דַיין טוֹיט צוּ גִיבְּרַאכְט דוּרְךְ
וָואס דוּ בִּיסְטוּ פוּן דֶער וֶועלְט אַוֶועק אַזוֹ יוּנְג מִיר הָאבִּין זִיךְ נָאךְ
וֵוינִיג אָנְגֶעפְרֵייט צוּזַאמֶען מַיין הֶערְצִינְס גֶעלִיבְּטֶער מַאן פֶערְצַייהֶע
מִיר, גָאט וֵוייס וָואס פַאר אַפִּישׁ עֶס הָאט זַיין יוּנְגֶע בְּלוּט פַאר
גֶעלוּנְגֶען אָדֶער אַחַיָה רָעָה הָאט אִים אוֹיף גִיגֶעסִין וָואלְט אִיךְ חָאטְשׁ
גֶעוּוּסְט וְוֶעה גִיוֶוען מִיךְ מִיט זַיין קֶבֶר צוּ עֶרְקְוִויקֶען יֶעדֶען טָאג מַיין בִּיטֶער
הַארְץ פַאר דִיר זִיךְ אוֹיס צוּ וֵויינֶען וָואלְט מִיר שׁוֹין גִיוֶוען מַיין
הַארְצִיגֶעס גְלִיק הַיינְט וֵוייס גָאט וואוּ עֶר אִיז פַאר לָארֶען גֶעגַאנְגִין
אַזוֹ פְלֶעגְט זִיא טָאג אוּנ נַאכְט זִיצֶען אִין אַפִינְסְטֶערִין קַאמֶער
אוּנ דִיא צְוֵוייא קִינְדֶערְלַאךְ אוֹיף בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ אוֹיף זֵייא קוּקֶען
אוּנ וֵויינֶען, זִיא אִיז שׁוֹין בַּאלְד בְּלִינְד גֶעוָוארִין פוּן וֵויינֶען זִיא
הָאט דִיא גַאנְצֶע צְוֶועלְף יָאר אוֹיף דֶער וַוייסֶער וֶועלְט נִיט אַרוֹיס
גֶעקוּמֶען, אוּנ בַּייא אַלֶעם דֶעם הָאט זִיךְ דִיא פַאבְּרִיקֶען אוּנ דִיא
גֶעשֶׁעפְֿטִין גֶעפִירְט זִיךְ נָאךְ מֶער וִויא פְרִיעֶר, דֶען אַלֶע מֶענְשִׁין
זֶענֶען זֵייעֶר גֶעטְרַייא גִיוֶוען וַוייל זֵייא זֵיינֶען הֶעכְסְט גוּט בֶּעהַאנְדֶעלְט
צוואה.

גְעוָוארִין נָאךְ פוּן דֶעם פָּאטֶער אָן, אוּנ וַייעֶרֶע סְחוֹרוֹת הָאבִּין
גִיהַאט אַגרוֹיסֶען בַּארוּף אִיז מֶען גִיקוּמֶען פוּן אַלֶע עֶקִין אוּנ קַאנְטִין
צוּ קוֹיפֶען בַּייא זַייא זַיידִין וַואארֶע אוּנ אַנְדֶערֶע סְחוֹרוֹת.

מַיינֶע לִיבֶּע לֶעזֶער לָאמִיר דָא לָאזֶען דִיא דבורן ווַיינֶען נָאךְ
אִיר מַאן אוּנ מִיר ווֶעלִין זִיךְ אוּם קֶערִין צוּ אוּנְזֶער ר' מרדכין, עֶר
אִיז זִיךְ אַזוֹ אָפּ גִישְׁטַאנֶען גַאנְצֶע צְוֶועלְף יָאר אִין אַזַא פֶּערְהֶעל-
טִינֶעס אוּנ הָאט דָאס דֶער טְרָאגִין דֶען דִיא ווֶעלְט זָאגְט אַשְׁפְּרִיךְ
וָוארְט צָרוֹת הַאלְט מֶען מֶער אוֹיס וִויא נַחַת.

דֶער קֶינִיג פוּן דֶער שְׁטָאט שִׁילֶעצְאַק הָאט גִיהַאט אַיין אֵיינְצִיגֶע
טָאכְטֶער אוּנ זִיא אִיז גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶע פַּארְשׁוֹין וָואס קָאן נוּר גֶעבִּי
ויהי היום אִיז גִיקוּמֶען אַבְּרִיף פוּן אַגְרוֹיסֶען קֶינִיג אוֹיךְ נִיט וַוייט
פוּן יֶענֶע מְדִינָה דָאס עֶר הָאט אַזוּן אוּנ וִויל הַיירַאטֶען דֶעם קֶינִי
אָבְּט אִינְדִיעֶן זַיין טָאכְטֶער וַוייל אִיר שֵׁיינְקַייט הָאט עֶר גִיהֶערְט
אִיז נִיט צוּ פִינְדֶען אִין דֶער וֶועלְט אוּנ מִן הַסְּתָם זַיינֶען בַּיידֶע
צְדָדִים צוּפְרִידֶען גֶעוָוארִין. אוּנ מֶען הָאט שׁוֹין זִיךְ גִיזֶעהְן אוּנ אָ
גִימַאכְט דָאס אִין צְווייא וָואכִין אַרוּם זָאל זַיין הֲתוּנָה, דֶער וַויי
הָאט מֶען דִיא שְׁטָאט אִיבֶּער הוֹיבְּט דֶעם קֶינִיגְלִיכֶען הוֹיף זֵייעֶ
שֵׁיין אוֹיף גֶעצִירְט וִויא נֵייטִיג אִיז בַּייא אַבַּת מַלְכָּה אוֹיף חֲתוּנָ
צוּ זַיין, אוּנ עֶס אִיז גִיקוּמֶען דִיא אוֹיס גִיזֶעצְטֶע צַייט פוּן חֲתוּ
אוּנ אַלֶע גְרוֹיסֶע לַייט פוּן דֶער גַאנְצֶער מְדִינָה זַיינֶע זַיינֶען צוּזַאמֶ
גִיקוּמֶען אִיז מֶען אַרוֹיס גֶעפָארִין מִיט מוּזִיק אוּנ מִיט גְרוֹיס פַּארַ
צוּ אַנְטְפַאנְגֶען דֶעם חָתָן אוּנ מֶען הָאט אִים טַאקֶע דֶער וַוא
מִיט זַיין גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע אוּנ מֶען הָאט זַייא אַריין גִיבְּרַאכְט אִ
שְׁטָאט מִיט פַּארַאד אִין קֶינִיגְלִיכֶען פַּאלֶץ, אוּנ אוֹיף דֶער נַאכְ
הָאט מֶען גִימַאכְט אַגְרוֹיסֶען מָאל צַייט פַאר דִיא גְרֶעסְטֶע הֶערְ
אוּנ אוֹיף מָארְגֶען הָאט בַּאדַארְפְט זַיין דִיא חֲתוּנָה, וִויא עֶס
גִיקוּמֶען נָאךְ דֶעם עֶסִין זָאגְט דִיא טָאכְטֶער צוּ אִיר חָתָן קוּם מִ
גֶעלִיבְּטֶער אִיךְ וֶועל דִיר אַנַיים ווַייזֶען וָואס דוּ הָאסְט דָאס נָ
אוֹיף דַיין לֶעבִּין נִיט גִיזֶעהְן, אַזוֹ פִירְט זִיא אִים צוּ צוּם טוֹי
פוּן שְׁלָאס אוּנ ווַייזְט אִים אָט דָאס אִיז אַיוּדִישֶׁער הוּנד אוּנ
מוּז יֶעדֶער גֶעבִּין אַשְׁפַּייא אוּנ אַבְּרִיק מִיטִין פוּס אוֹיךְ, אוּנ

ייט־צו אונ גיט אים אַגְרוֹיסֶען בְּרִיק דָאס עֶר הָאט זִיךְ גֶעבַּאךְ
פּיינְגִיבּוֹיגֶן אִין דְרַייעֶן אונ זָאגְט צום חָתָן גִיבּ אִים אוֹיךְ אַזַא בְּרִיק,
דער חָתָן אִיז אָבֶּער נִיט גִיוֶועןְ אַזוֹ שְׁלֶעכְט וִויא זִיא הָאט עֶר אִים
גֶעגֶעבִּין אַקְלֶעגֶערִין בְּרִיק, זָאגְט זִיא צוּ אִים וָואס זַאלֶעוֶעסְטוּ אִים
גִיבּ אִים אַגוּטֶען בְּרִיק וִויא אִיךְ אונ נֶעמְט אונ דֶער לַאנְגְט אִים
אַגְרֶעסֶערִין בְּרִיק, הָאט עֶר שוֹין זַיינֶע שְׁמֶערְצִין נִיט מֶער גִיקֶענְט
דער טְרָאגִין אונ טְרַאכְט בַּייא זִיךְ וָואס טוֹיג מִיר מַיין לֶעבִּין אִיךְ
וועל בֶּעסֶער זֶעהֶען צוּ מַאכִין דָאס מֶען זָאל מִיר הַארְגֶענִין וֶועט
זיין פַאר מִיר אַגְרוֹיסֶער גְלִיק, אִין דֶעם וִויא זִיא הָאט אִים גִיגֶעבִּין
דעם אַנְדֶערִין בְּרִיק הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט אוֹיף צְוַויא
פיס אונ הָאט אִיר דֶער לַאנְגְט אַגְרוֹיסֶען פַּאץ דָאס זִיא אִיז נַאנְץ
צו מִישְׁט גֶעוָוארִין פַאר וֶוייטָאג אונ פַאר בִּזָיוֹן הָאט זִיא גָאר נִיט
געוואוּסְט וואו זִיא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטַיין הָאבִּין זַיי זִיךְ גְלַייךְ אוּם
גֶעקֶערְט צוּרִיק אִין צִימֶער, דֶער חָתָן הָאט גָאר קַיין וָוארְט גִירֶעט
אונ צוּ זַאמֶען גִינוּמֶען זַיינֶע אַלֶע זַאכִין אונ זַיין פַאמִילְיֶע אונ אִיז
זיך גְלַייךְ אַוֶועק אַהֵיים פַאר גְרוֹיס שַׁאנְד אונ הָאט אִיר מֶער נִיט
געקוּקְט, וִויא דֶער קֶינִיג אונ דִיא הוֹיף לַייטֶע הָאבִּין דֶער זֶעהְן
דיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָואס דָא הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפִין דָאס דֶער
פערְפְלוּכְטֶער הוּנְד הָאט אָן גֶעמַאכְט דָאס דֶער שִׁידוּךְ זָאל פוּן אַיין
ווערֶער פָארִין דֶעם טָאג פוּן הַחֲתוּנָה אונ אַזַא גְרוֹיסֶער שִׁידוּךְ אוּנ
דעם בִּזָיוֹן וָואס זַייא הָאבִּין אַיין גִינוּמֶען פוּן אִים אונ דִיא טָאכְטֶער
איז קְרַאנְק גֶעוָוארִין פַאר שברי לב, אִיז גְלַייךְ אַרוֹיס אַבַּאפֶעל אַז
מען זָ״ל דֶעם הוּנְד צוּ שְׁנַיידֶען לֶעבֶּעדִיגֶער הַייט שְׁטִיקֶער וַויים אוּנ
דער קֶינִיג אַלֵיין אִיז גִיגַאנְגֶען שְׁנַיידִין דִיא עֶרְשְׁטֶע שְׁטִיק פְלַיישׁ,
וויא מֶען הָאט אִים שׁוֹין גֶעוָואלְט אָנְפַאנְגֶען צוּ שְׁנַיידִין רוּפְט זִיךְ
אָן דֶער זֶעלְבִּיגֶער מֶענְשׁ וָואס הָאט דִיא עֵצָה גִיגֶעבִּין אונ זָאגְט
אַלֶעמֶען נַיין מַיינֶע לִיבֶּע בְּרִידֶער דָאס אִיז נָאךְ קַיין פְּלַאן נִיט
דאס מִיר זָאלִין אִים הַארְגֶענֶען אונ דָאס גֶעלְד זָאל בְּלַייבִּין בַּייא זַיין
... , נַיין מִיר מוּזֶען פְרִיעֶר זֶעהְן אַרוֹיס צוּ בַּאקוּמֶען זַיינֶע גֶעלְד
אונ זַיין פֶערְמֶעגִין וָואס עֶר הָאט צוּ הוֹיז אונ דֶער נָאךְ וֶועלִין מִיר
... טָאן זַיין רֶעכְט, גוּט הָאבִּין זִיךְ אַלֶע אָפּ גֶערוּפִין עֶס אִיז

צוואה גאנץ

גאַנץ ריכטיג דער פּלאַן דען אַז ער האט אַזוי פיל געלד מיט זיך
געהאַט פאַר גענוים מוז ער דאך זיין אין דער היים זייער רייך, האט
מען אַזוי גיטאָן מען האט אים אַריין גינאַרט דאס ער זאל זיי אַוועק
געבּין זיין פערמעגין דאן וועט מען אים לאָזין לעבּין אונ אים אַהיים
שיקען, זאגט ער גאַנץ רעכט אָבּער וויא קאן מען דאס בּאַקומען
אַהער מיין פערמעגין, זאגין זיי צו אים דו שרייבּ אָפּ אַבּריף מיט דיין
אייגענע האַנד שריפט נור אויף אונזער לשון דאס מיר זאלין פאר
שטיין וואס דו שרייבּסט, אונ שרייבּ אַזוי וויא דו בּיזט אין אַגאַנץ
ווייטע מדינה פערוואָרפין געוואָרין אונ איך בּין דא זייער גליקליך
איך מאך דיא גרעסטע גישעפטין אונ מיר לוינט ניט צו קומען אַהיים
אונ איך בּין זייער רייך אונ איך קויף אָפּ אַגאַנצע מלוכה וועלין
מיר ווערין קיניגען אונ עס איז אַגרויסע מלוכה מוז מען בּאַצאָלען
דאפיר פינף הונדערט מיליאָן דוקאַטין אונ דיא מדינה איז גאַנץ גוט
אונ מיר וועלין ווערין גרויסע פירסטען אונ אַריין נעמען אַלע יודען
פון אונזער קרייז, נור מיר פעלט אויס נאך געלד צו דער צאָלין דיא
איבּעריגע, זאָלכטו מיט דיזע איבּער בּריינגער וואס בּריינגען דיר
דעם בּריף מיט שיקען אונזער גאַנצען פערמעגין, דו זאָלכט אַלע
פאַבּריקען פערקויפין מיט וויא פיל מען וועט דיר געבּין אונ אַלע
הייזער אונ אַלע סחורות וואס געפינט זיך אין מיין פערמעגין בּיז
איין האָר זאָלכטו אַלץ פאַר קויפין אונ מאַכין צו געלד אונ זאָלסט
קומען מיט דיא צוויי מענשין מיינע גרעסטע ערליכסטע יענעראַלין
וויא זיי וועלין דיר זאגין זאָלסטו זיי אַלץ פאָלגין, ער האט נעבּאַך
געמוזט אַזוי שרייבּען דעם בּריף וויא זיי האבּין אים פאר געשריבּען
אונ אונטען האט ער געמוזט אונטער שרייבּין זיין נאמען, אָבּער
איין זאך מיט אַבּית האט ער געשריבּען דען ער האט גוט פאַר
שטאַנען דאס זיי נאַרין אים אָפּ נור וואס האט ער גיקאָנט אַנדערש
מאַכין, דער קיניג האט אויס געקליבּען דיא קליגסטע אונ פאַרזיכ-
טיגסטע צוויי מיניסטערס אונ האט פאַר זיגעלט דעם בּריף אונ האט
זיי אָן גיזאגט דאס זיי זאָלין זיין פרוי אונטער וועגינס האַרגענין
אונ גאר דאס געלד אַהער בּריינגען נור גוט פאַרזיכטיג זיין אין דעם
דאס מען זאל ניט וואס דער גיין עפּעס פון אייך.

דיא צוויי גרויסע לייט האבין צו גינומען דעם בריף אונ זיינען געפארין מיט דיזען אדרעס ביז זיי זיינען גיקומען אין אמשטרדם וואו דעם ר' מרדכים פרוי וואוינט, וויא זיי זיינען אביין גיקומען אין שטאט האבין זיי גלייך נאך גיפרעגט אויף מרדכי מארקאוויץ האט מען זיי אן געוויזען דעם גרויסען קאנטאר, זיינען זיי אריין גיקומען אונ לאזין זיך אן מעלדין דאס זיי האבין נייטיג צו ר' מרדכים פרוי, קומט ארויס אבוך האלטער אונ זאגט צו זיי וואס האבין מיינע העררן נייטיג, ענטפערין זיי אים מיר ברויכען צו האבין נור דיאווירטהין זעלבסט האט מען זיי גיענטפערט דאס צו דיא ווירטהין זעלבסט קאן מען ניט צו קומען מיט איר צו ריידען שוין צייט צוועלף יאר, אויב זיי האבין וואס נייטיג קאנען זיי אונז זאגין, אונ אויב איהר ווילט וואס מאכען אגעשעפט קענט איר מיט אונז מאכען, דען מיר זיינען דיא גלאווגע בוך האלטערס פון דעם קאנטאר, אונ אויב איר האט נייטיג וואס גרעסערס מוזט איר גיין אין גרעסערין קאנטאר אריין, גיין מיינע ליבע פריינדע האבין זייא גיענטפערט מיר האבין וואס וויכטיגעס נייטיג אונ מיר מוזען איר אליין האבין, אזו האט מען זיי אביין געשיקט אין אגרעסערין קאנטאר ביז גאר דעם גרעסטין אונ זיי האבין גיזאגט זיי מוזען איר אליין באקומען צו ריידען דען זיי דארפין איר נייטיג האבין, דאן איז מען אוועק צו איהר אין פינצטערין צימער וואו זיא איז גיזעסין אונ האבין איר גיזאגט דאס צוויי גרויסע לייט האבין נור איר נייטיג, האט זיא זיי גיענטפערט דאס זיא קאן אום מיגלאך אין קאנטאר קומען, איז גיקומען דער דינער אונ האט גיזאגט אז דיא פרויא איז אום מיגלאך צו קומען אין קאנטאר, האבין דיא העררן גיזאגט מען זאל זיי אהין פירען צו איר אין הויף, זיי זיינען אריין אין זאל האבין זיי גילאזט זאגין דורך דעם דינער דאס דיא גרויסע העררן האבין אגרוס פון איר מאן, וויא דער דינער האט נור דער מאנט דאס זיי האבין אגרוס איז זיא גלייך געלאפין אין זאל אביין, האט זיא דארטין גיפונען שטייען דיא צוויי גרויסע העררן, זאגין זיי צו איר זיינען זיי דיא ריכטיגע ווירטהין פון דיזען הויז, זאגט זיא יע דאס בין איך אליין, נוא האבין מיר אגרוס צו אייך פון אייער מאן שרעקט אייך נור ניט אונ דער

לַאנְגֶען אִיר דִיא בְּרִיף, וִויא זִיא הָאט נוּר זַיין אוּנְטֶער שְׁרִיפְט דֶער
זֶעהְן אִיז זִיא גֶעבְּלִיבֶּען אִין חַלָשׁוּת דָאס מֶען הָאט אִיר קוֹים גֶע
קָאנְט דֶער מִינְטֶערְן, וִויא מֶען הָאט אִיר אָפּ גֶעמִינְטֶערְט הָאט זִיא
אִיבֶּער גִילֶעזְן דֶעם בְּרִיף נָאךְ מִיט מֶער שִׂמְחָה וְוִיא מֶען הָאט אָ
גִיזָאגְט אוּנְזֶער פָּאטֶער יַעֲקֹב דָאס זַיין זוּן יוֹסֵף לֶעבְּט.
מַיינֶע לִיבֶּע לֶעזֶער אִיךְ דַארְף אַייךְ נִיט דֶער צֵיילֶען דִיא פְרֵיי
וָואס אוֹיף אִיר אִיז גִיוֶועןְ אַז זִיא הָאט דֶער זֶעהְן אַז אִיר גֶעלִיבְּטֶע
מַאן לֶעבְּט נָאךְ וָואס זִיא הָאט אִים שׁוֹין בַּאוֵויינְט מֶער וִויא צְוֶועלְ
יָאר זִיא אִיז גַאנְץ צוּמִישְׁט גֶעוָוארְן פַאר פְרֵייד אוּנ הָאט גָאר נִי
גֶעוָואוּסְט וָואס צוּ טָאן, דִיא צְוֵויי גְרוֹיסֶע לַייט הָאט זִיא גְלַיי
אַרַיין גֶעפִירְט אִין בֶּעסְטִין גַאבִּינֶעט אוּנ הָאט זֵיי גִיבֶּעטִין זָאלְ
אוֹיף אִיר נִיט פַאר אִיבֶּעל הָאבִּין וָואס זִיא קָאן זֵייא נָאךְ נִיט אַ
גוּט אוֹיף נֶעמֶען וִויא צוּם בֶּעסְטִין דֶען זִיא אִיז נָאךְ גַאנְץ צוּמִישְׁ
פַאר פְרֵייד, אוּנ וִויא זִיא אִיז נוּר אַבִּיסִיל צוּ זִיךְ גִיקוּמֶען הָאט זִי
גִילָאזְט אַרַיין בְּרֵיינְגֶען טַייעֶרֶע וַויין מִיט גוּטֶע שְׁפַּייז אוּנ הָאט זִי
גִיזֶעצְט לֶעבִּין זֵייא אוּנ הָאט אָן גִיפַאנְגֶען נָאךְ פְרֶעגִין אוֹיפִין מַא
וִויא אִים גֵייט אוּנ וִויא עֶר אִיז, אוּנ זֵיי הָאבִּין אִיר אַלְץ גִיזָאגְ
גַאנְץ דִיא זֶעלְבֶּע וִוי אִין בְּרִיף שְׁטֵייט, אַם אָוֶוענְד הָאט זִיא גִילָאזְ
מַאכִין אַגְרוֹיסֶען מָאל צַייט פַאר זֵיי אוּנ נַאכְהֶער הָאט זִיא פַאר זֵ
אַבַּאזוּנְדֶערִין צִימֶער גִימַאכְט צוּם שְׁלָאפִין, זֵיי הָאבִּין זִיךְ אַגַאנְצֶ
נַאכְט נִיט גִיקֶענְט אָפּוואוּנְדֶערִין אוֹיף אַזֶעלְכֶע גְבִירוֹת דֶען זֵיי הָאבִּ
דָאס אוֹיף זֵייעֶר לֶעבִּין נִיט גִיזֶעהֶן אַזֶעלְכֶע עֲשִׁירוֹת אוּנ אַזֶעלְכֶ
מוֹיעֶרִין מִיט פַּאלַאצִין דָאס זֵייעֶר קֵינִיגְס הוֹיף אִיז גָאר נִיט גִיוֶזֶעַ
צֶעט אַנְטְקֶעגִין אִירֶע קְלֶענְסְטִין מוֹיעֶר, זִיא הָאט שׁוֹין מִן הסת
דִיא גַאנְצֶע נַאכְט נִיט גִישְׁלָאפִין אוּנ הָאט גִילָאזְט רוּפֶען דִיא גְרֶעסְטֶ
בּוּךְ הַאלְטֶערְס אוּנ מֶען הָאט גִינוּמֶען אִיבֶּער לֵייעֶנֶען פוּן דָאס נַיי
דֶעם בְּרִיף אוּנ וִויא עֶס אִיז גִיקוּמֶען צוּם לֶעצְטִין אוּנ זִיא הָאט דֶע
זֶעהְן אַז עֶס שְׁטֵייט עֶפֶּ"ס אַיין אַלֶף מִיט אַבֵית הָאט זִיא גָאר נִי
גֶעוָואוּסְט וָואס דָאס זָאל בַּאדַייטִין, אִיז מֶען גִיזֶעסִין אוּנ גִיקְלֶעהְ
אַגַאנְצֶע נַאכְט לְבַד דֶעם אִיז אִיר גַאנְץ פַארְדֶעכְטְלִיךְ אוֹיס גִיקוּמֶ
דֶער בְּרִיף הָאט זִיא זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין צוּ אִירֶע בּוּךְ הַאלְטֶערְס, נִי

מיינע ליבּע פֿריינד דיא זאך קומט מיר אויס זייער פֿארדעכטליך
רען מיר שיקט זיך גאר ניט דער גאנצער בּריף דען וויא אזו וואלט
ער מיר ניט געשריבּען אזו לאנג, אונ איבּער הויפּט דער א"ב
באטייט מיין איך דאס איך בּין אין אצרה, מיר מוזען דא זעהן
צו דער גיין דיא מעשה אויף קלאר, אזו האט מען גיקלערט בּיז
טאג, אונ וויא עס איז טאג געוואָרין אונ דיא צוויי גרויסע מענער
זיינען שוין אויף גישטאנען האט מען גילאָזט ארייַן בּרייַנגען דיא
ווטע ווייַן וואס עס לאזט זיך טרינקען ניט ווילענדיג, אונ מען
האט זיך ארום גיזעצט ארום אטיש אונ זיא האט זיי גינומען נייטין
זיי זאלין טרינקען אבּיסיל ווייַן, נייַן האבּין זיי גיענטפֿערט מיר
טארין ניט טרינקען קיין ווייַן מיר זייַנען פֿאר זאגט פֿון אדאקטער
ווייל דאס איז אונז זייער שעדליך צו אונזער געזונד, עס שאט ניט
האט זיא גיענטפֿערט דיא ווייַן קאנען אלע גיפֿערליכע קראנקע
טרינקען דאס קען ניט שאדען, האבּין זיי אן גיפֿאנגען צו טרינקען
ווייַ‍סלאך נייַם אָבּער וויא זיי האבּין נור אן גיפֿאנגען צו טרינקען
האבּין זיי שוין אויס גיטרונקען איין פֿלאש אונ מען האט ארייַן
געבּראכט נאך אפֿלאש אונ זיא האט זיי אלץ גיזאָגט איר זייט
מיינע טייערע געסט וואס איר האט מיר גיבּראכט אבּריף פֿון מיין
מאן, מיט מיין גאנצען אייגינס אונ מיט מיין גאנצען לעבּין קען
איך אייך ניט אויס צאלין, אונ זיי האבּין זיך אלץ אזו געטרונקען
ביז זיי האבּין זיך גוט איין געשכּורת האבּין זיי זיך אן געפֿאנגען
לוסטיג צו מאכין, אונ דבורה האט נור דאס געמיינט האט זיא
זיך געשיקט נאך דעם גובּערנער פֿון שטאט מיט גאנץ באהערדע
אונ האט זיי אריין געלאזין דורך אהינטער טיר אין אקאמער אריין
וויא זייער גאבּינעט אונ האט זיך אבּיסיל מיט זיי גינומען פֿאר
אנדער ריידען איך ווייס דאך מיינע ליבּע לייט האט זיא זייא
גזאגט דאס מיין מאן איז בּייא אייך אין גיפֿיינקינעש פֿאר וואס
איז דאס דיא מעשה, האבּין זיי אן גיפֿאנגען צו לאבען אונ זאגין
ער איז נאך ערגער וויא אין גיפֿיינקענעש אונ האבּין גינומען
ער ציילען דיא גאנצע געשיכטע וואס מיט אים האט פֿאסירט
פֿון אלף בּיז תיו אונ דארטין האט מען געשריבּען זייערע רייד

יֶעדֶען ווָארְט אונ זַיי הָאבִּין גָאר נִיט גֶעוואוּסְט ווָאס זַיי רֵיידֶען מַחֲמַת שִׁכּוֹרוּת אוּנ וִויא זַיי הָאבִּין דָאס אַלְץ אָפּ גִירֶעט זַיינֶען זַייא גֶעפַּאלִין שְׁלָאפִין וְויא דִיא גִיהַארְגֶעטֶע אִיז מֶען אַרוֹיס פוּן קַאמֶער אוּנ מֶען הָאט זַיי גִישְׁלָאסֶען אִין קֵייטֶען פוּן קָאפּ בִּיז פִּיס אוּנ מֶען הָאט זַיי אַרַיין גֶעלֵייגְט אִין אַפּוּר אוּנ כֶּען הָאט זַיי אַוֶועק גֶעפִירְט אִין טוּרְמֶע אוּנ זַיי הָאבִּין פוּן קֵיין זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט נִיט גֶעוואוּסְט אוֹיף מָארְגֶען הָאבִּין זַיי זִיךְ אוֹיף גֶעוַואכְט זֶעהֶן זַיי דָאס זַיי לִיגֶען גָאר אִין אַפִינְצְטֶערִין קַאמֶער זַייא ווִילֶען זִיךְ נֶעמֶען עֶטְווָאס רִירֶען וְויא פֶערְוואוּנְדֶערְט זַיינֶען זַיי גֶעווָארִין דָאס זַיי הָאבִּין דֶער פִילְט אַז זַיי זַיינֶען גֶעשְׁמִיט אִין קֵייטֶען הָאבִּין זַיי שׁוֹין בַּאלְד פַאר שְׁטַאנֶען ווָאס מִיט זַיי הָאט גֶעכְּטִין פַּאסִירְט אוּנ זַיי הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין בַּאנַארֶעשְׁט אָבֶער עֶס אִיז שׁוֹין פַאר פַאלִין מִיר זַיינֶען שׁוֹין פֶערְלָארֶענֶע מֶענְשִׁין זָאגִין זַיי אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערִין, אוֹיף מָארְגֶען הָאט מֶען זַיי גִינוּמֶען אוֹיפִין דַאפְּרָאשׁ אוּנ מֶען הָאט זַיי פָאר גֶעלֵיינְט זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע רֵייד אוּנ זַיי הָאבִּין זִיךְ גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין אַז עֶס אִיז אַלְץ רִיכְטִיג וְויא עֶס שְׁטֵייט אוֹיפִין פַּאפִּיר אוּנ זַיי הָאבִּין גִיזָאגְט וואוּ זַייעֶר מְדִינָה אִיז אוּנ וְוי מֶען רוּפְט זַייעֶר שְׁטָאט אוּנ זַייעֶר קֵינִיג אַלְץ הָאבִּין זַיי אוֹיס גִיזָאגְט פוּן יֶעדֶער זַאךְ, הָאט מֶען זַיי צוּרִיק אָפּ גֶעפִירְט אִין טוּרְמֶע גֶעשְׁמִיט אוּנ מֶען הָאט זַיי גִילָאזְט זִיצֶען.

ווָאס הָאט אוּנְזֶער דבוֹרה גִיטָאן זִיא אִיז אַוֶועק צוּם קֵינִיג אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל אִיר לַייעֶן זַיינֶע קֵינִיגְלִיכֶע קְלֵיידֶער אוּנ זָאל אִיהר גֶעבִּין הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד סָאלְדַאטִין אִין דֶער פַאר וֶועט זִיא אִים בְּרֵיינְגֶען צְווֵיי מָאל הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד, דֶער קֵינִיג הָאט דָאס אִיר גְלֵייךְ גִיטָאן דֶען עֶר אִיז גִיוֶועןְ מִיט אִיר מַאן אוּנ אוֹיךְ מִיט אִיר זַייעֶר גוּט בֶּעקַאנְט אוּנ עֶר הָאט זַיי זַייעֶר לִיבּ גִיהַאט, זִיא הָאט מִיט זִיךְ גִינוּמֶען דִיא מַאנְשַׁאפְט אוּנ הָאט זִיךְ אָן גִיטָאן וְויא אַפְּרִינְץ אוּנ הָאט מִיט גִינוּמֶען זֶעקְס בּוּךְ הַאלְטֶערְס אִירֶע אוּנ הָאט זַייא פֶערְקְלֵיידֶעט וְויא גְרוֹיסֶע יֶענֶערֶעלֶער אוּנ הָאבִּין זִיךְ גֶעצוֹיגִין נָאךְ דִיא לַאנְד וואוּ דֶער מַאן אִיז, דֶער ווַייל הָאט זִיא אָפּ גֶעשְׁרִיבֶּען אַבְּרִיף צוּ יֶענֶעם קֵינִיג אוּנ שְׁרַייבְּט אִים

אַזוֹ וִויא אִיךְ דֶער פְּרִינְץ פוּן מַארָאקַא בִּין אֵיין אֵיינְצִיגֶער זוּן בַּייא מַיין פָאטֶער דֶער גְרוֹיסֶער קֵינִיג פוּן מַארָאקַא פָאר יֶעצְט פוּן דֶער שְׁטְרַייט אוּנ אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט דָאס אִיהר הָאט אֵיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער אַגְרוֹיסֶע פַארְשׁוֹין בְּכֵן וִויל אִיךְ מִיט מַיין חַיִל קוּמֶען צוּ אַייךְ נָאךְ אִין זֶעקְס וָואכֶען אַרוּם צוּ וֶוערִין אַייעֶר אֵיידִים, אוּנ זִיא הָאט דֶעם בְּרִיף אַוֶועק גֶעשִׁיקְט פָאר אוֹיס אוּנ זַייא זַיינֶען נָאךְ גִיגַאנְגֶען, וִויא מֶען הָאט נָאר דֶעם בְּרִיף אַנְטְפַאנְגֶען אִיז גֶעוָוארִין אַגְרוֹיסֶע פְרֵייד אִין גַאנְצֶען קֵייזֶערְלִיכֶען הוֹיף אוּנ בִּפְרַט דִיא טָאכְטֶער הָאט קוֹים גִיקָאנְט דֶער וַוארְטֶען דִיא בַּאשְׁטִימְטֶע צַייט וֶוען דֶער פְּרִינְץ וֶועט קוּמֶען, עֶס אִיז פוּל גִיוֶוען דִי גַאנְצֶע שְׁטָאט מִיט גְרוֹיסֶע לַייט פוּן דֶער גַאנְצֶער מְדִינָה צוּ אַנְטְפַאנְגֶען דֶעם פְּרִינְץ אוּנ דִיא פַּארַאד וָואס מֶען הָאט גִימַאכְט אִין שְׁטָאט דָאס אִיז גָאר נִיט מִיגְלַאךְ אוֹיס צוּ שְׁרַייבִּין, אוּנ וִויא זַיי זַיינֶען נוּר אָן גִיקוּמֶען הָאט מֶען זַיי מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אוּנ מִיט פַּארַאד אַרַיין גֶעפִירְט אִין קֵינִיגְלִיכֶען פַּאלַאץ, וִויא דִיא טָאכְטֶער הָאט נוּר דֶעם פְּרִינְץ דֶער זֶעהֶען אִיז זִיא גֶעוָוארִין אַצוּקָאכְטֶע פוּן זַיין שֵׁיינְהַייט אוּנ זִיא הָאט אִים גְלַייךְ אַרַיין גֶעפִירְט צוּ זִיךְ אִין הוֹיף אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטִין דָאס עֶר זָאל אִיר נֶעמֶען דֶען אִיר לֶעבִּין הֵיינְגְט אָן דֶעם אַז נִיט מוּז זִיא שְׁטַארְבִּין, עֶר הָאט אִיהר צוּ גִיזָאגְט אוּנ גִיגֶעבִּין אִיר דִיא הַאנְד דָאס עֶר וֶועט אִיר גֶעוִויס נֶעמֶען אוּנ מֶען הָאט גְלַייךְ גִימַאכְט אַגְרוֹיכֶען מָאהְל צַייט אוּנ מֶען הָאט פַאר לַאדִין דֶעם חָתָן מִיט זַיינֶע אַלֶע גְרוֹיסֶע מֶענְשִׁין צוּם מָאהְל צַייט אוּנ מֶען הָאט גִילֶעבְּט זַייעֶר לוּסְטִיג, נוּר דֶעם חָתָן נֶעבַּאךְ גֵייט גָאר קֵיין זַאךְ נִיט אַיין דֶען עֶר וָואלְט שׁוֹין גֶערִין בַּאקוּמֶען צוּ זֶעהְן אִיהר מַאן וִויא עֶר וַוייזְט אוֹיס וִויא מֶען הָאט נוּר אָפּ גִיגֶעסִין זָאגְט דֶער חָתָן צוּ דִיא פְּרִינְצֶעסִין לָאמִיר גֵיין אַבִּיסֶעל שְׁפַּאצִירֶען אוֹיפִין הוֹיף, אוּנ זַייא גֵייעֶן בֵּיידֶע בִּיז זַייא קוּמֶען צוּם אִידֶעשִׁין הוּנְד, זָאגְט זִיא צוּ אִיהר חָתָן דָאס אִיז אַיוּדִישֶׁער הוּנְד אוּנ פַאר צֵיילְט אִיהם דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה וִויא אַלֶע מוּזֶען אִים בְּרִיקֶען מִיט דִיא פִּיס וָוער עֶס קוּמְט נוּר אַרַיין אוּנ מוּז שְׁפַּאיֶען אוֹיף אִים, אוּנ זַיי גֵייעֶן צוּ צוּם הוּנְד, עֶר קָאן דָאךְ זַיין פְרוֹיא גֶעוִויס נִיט דֶער קָאנֶען

צוואה אונ

אונ כפ־ט אז זיא גייט פאר קליידעט אין מאנספערזאנישע קליידער אונ ווען זיא וואלט ניט געוואוכט אז דאס איז איר מאן וואלט זיא אים אויך ניט דער קאנט זיא האט זיך ניט גיקאנט איין האלטין פון וויינען אונ האט זיך קוים איין געהאלטין דען זיא איז באלד געפאלין אין חלשות, זאגט דער חתן קום גיכער אריין אין צימער איך וייס ניט וואס מיר איז שרעקליך ניט גוט געווארין, אונ זיי זיינען אריין אין צימער אונ מען האט אים קוים אפ געמינטערט נאך דעם האט מען אויס גיבעט צו שלאפין אבאזונדערין צימער פאר אים מיט דיא יענערעלער, וויא עס איז גיקומען אין מיטין נאכט איז זיא ארויס פון איהר צימער אונ איז צוא גיגאנגען צום הונד אונ איז אים ארויף געפאלין אויפין האלז אונ האט איהם גינומען קושען אונ האלזען אונ האט געוויינט מיט אביטער געוויין מיין געליבטער מאן וואס מאכסטו איך בין דיין פרויא וואס האט דיר אן גימאכט אלע ליידין, איך בין דער בעל חוב דיינער, אונ איך בין דער פאר שטעלטער פרינץ, איך מיין אז מיט גאטס הילף וועל איך דיר אויס לייזען פון דיין געפיינקענעס נור שווייג שטיל אונ האף צו גאט, וויא דער מאן האט דער הערט דעם קול פון זיין פרוי האט ער אן געהויבין צו וויינען אונ צו דער ציילין זיינע אלע צרות.

מיינע ליבע לעזער אויב איר האט אשטיינערנע הארץ מוזט איר זיי אויך העלפין מיט וויינען נור זיי האבין קיין צייט גיהאט לאנג בייא זאמען צו זיין דען פילייכט קומט ווער אן איז פאר לארען זייער האפענונג האבין זיי זיך געשייד מיט געוויין, אונ זיא האט אים פאר שפראכען גוטע האפענונג אונ זיא איז צוריק צו זיך אין צימער אריין אונ קיינער האט ניט געוואוסט פון קיין זאך, אויף מארגען האט דער חתן געשלאפין אשטיק אויפין טאג וויא נאך אזא טרויערדיגע נאכט, דער וייל איז שוין פארטיג געווארין דיא גאנצע חתונה מיט אלע זאכען אום מיגלאך איז אויס צו שרייבין דיא גרויסקייט פון דער חתונה, וויא עס איז גיקומען אויף דער נאכט אונ אלע זיינען פארנאנדער גיגאנגען האט מען זיי ביידין אריין געלאזין אין אבעזונדער צימער, האט דער פרינץ

גִיזָאגְט צוּ דִיא כַּלָה מֶען מוּז פַּאר לֶעשִׁין דִיא לִיכְט הָאט מֶען פַּאר לָאשֶׁען דִיא לִיכְט אוּנ זַייא הָאבִּין זִיךְ גִינוּמֶען אוֹיס טָאן, נָאכְהֶער זָאגְט דֶער פְּרִינְץ אִיךְ מוּז אוֹיף אַוֵויילֶע אַרוֹיס גֵיין, אִיז זִיא אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאט מִיט גִינוּמֶען מִיט זִיךְ אִיר אָפּ גֶע-שְׁטֶעלְטִין אַפֶּעצִיר וָואס זִיא הָאט אִיהם צוּ גִיזָאגְט פוּן צוּ הוֹיז אוֹיס צוּ גֶעבִּין דְרַייא טוֹיזֶענְד-דוּקַאטֶען דֶער פַּאר, אוּנ עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען דִיא נַאכְט בַּייא אִיהר, אוּנ וִויא דִיא כַּלָה אִיז נוּר אַנְטְשְׁלָאפִין גֶעוָוארִין אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין נִיט וַוייט גִיוֶוען צוּ טָאג הָאט דֶער פַאלְשֶׁער פְּרִינְץ אַרוֹיס גֶעלָאזִין דֶעם אָפֶּעצִיר אוֹיף זַיין אָרְט אוּנ זִיא הָאט אָן גֶעצוּנְדֶען צוּרִיק דִיא לִיכְט אוּנ הָאט זִיךְ אָן גֶעטָאן אִירֶע קְלֵיידֶער וִויא אַפְּרִינְץ אוּנ אִיז אַרוֹיס אוֹיפִין הוֹיף אוֹיף מָארְגֶען אַז מֶען אִיז אוֹיף גִישְׁטַאנֶען אִיז וַוייטֶער גִיוֶוען דִיא זֶעלְבֶּע פַּארַאד מִיט אַלֶע פֶערְגֶענִיגֶען אִין דֶער וֶועלְט, אַזוֹ הָאט מֶען פַּאר בְּרַאכְט גַאנְצֶע פֶערְצִין טֶעג אוּנ יֶעדֶער נַאכְט פְּלֶעגְט עֶר אַלִין אַרַיין לָאזִין דֶעם אָפֶּעצִיר אַנְשְׁטָאט אִים, אִין פֶערְצִין טֶעג אַרוּם הָאט זִיךְ אָפּ גֶערוּפִין דֶער נַייֶער אֵיידִים צוּם קֶינִיג לִיבֶּער פָאטֶער אִיךְ וִויל שׁוֹין פָארֶען נַאךְ הוֹיזֶע דֶען עֶס אִיז שׁוֹין דְרַייא מָאנַאטִין זִינְט אִיךְ בִּין פוּן צוּ הוֹיז אוּנ מַיין פָאטֶער וֶועט זַייעֶר בַּיינְקֶען נָאךְ מִיר דֶען אִיךְ בִּין זַיין גַאנְצֶער לֶעבִּין, דַארוּךְ בֶּעט אִיךְ אִיר זָאלְט מִיר לָאזִין פָארֶען אַהֵיים מִיט מַיין נַייֶע פְּרוֹיא, אוּנ גִיט מִיר אַוֶועק מַיינֶע נַבְן וִויא אָן שְׁטֶענְדְלִיךְ אִיז דָאס מַיין פָאטֶער זָאל מִיר נִיט אוֹיס לַאכֶען, גַאנְץ רֶעכְט מַיין לִיבּ קִינְד הָאט אִים דֶער קֶינִיג גִיעֶנְטְפֶערְט אִיךְ לָאז דִיר שׁוֹין פָארֶען צוּ הוֹיז, הָאט מֶען אָן גֶעפַאנְגֶען צוּא פַּאקֶען קַארָאטִין מִיט גָאלְד אוּנ דִימַאנְטֶען אוּנ מִיט אַלֶערְלַייא טַייעֶרֶע זַאכֶען וָואס עֶס גֶעפִינְט זִיךְ נוּר אִין קֶינִיגְלִיכֶען הוֹיף, אוּנ דִיא טָאכְטֶער הָאט אַלִין גֶעהַייסֶען וָואס מֶעהְר לָאדִין וָוארוּם עֶס פַּאסְט אִיר נִיט צוּ קוּמֶען צוּא אַזַא גְרוֹיסֶען קֶינִיג נִיט אָן שְׁטֶענְדִיג, בִּקִיצוּר מֶען הָאט כִּמְעַט אוֹיס גֶעלֵיידִיגְט אַלֶע אוֹצְרוֹת, אוּנ הָאט אִים נָאךְ דֶערְצוּ גֶעשָׁאנְקֶען אַיין מָאל הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מַאן חַיִל, אוּנ מֶען הָאט גִינוּמֶען אָפְּשַׁייד פוּן אַלֶעמֶען אוּנ דֶער פְּרִינְץ הָאט גֶעלָאזִין טַייעֶרֶע פְּרֶעזֶענְטִין אַלֶע

הויף לייטע אונ מען איז אפ גערזייט פון הויף מיט גרויס פאראד,
פארין ארויס פארען זאגט דער פרינץ צו זיין פרויא דאס זיא זאל
בעטין איר פאטער דאס ער זאל אים אוועק שיינקען דעם הונד
מיט צו נעמען אהיים פאר זיין פאטער אפריזענט דאס וועט זיין
פאר אים זייער אנגינעם ער איז איבער הויבט אבאלין פון אזעלכע
זאכען, האט דיא טאכטער געבעטין איר פאטער, דער פאטער
האט קיין ווארט ניט איבער גירעט אונ האט אים מיט גיגעבין
דעם הונד אונ מען האט אים אן געשמיד אן קארעטע פון הינטען,
דער פאטער מיט נאך גרויסע לייט האבין זיי באלייט דרייא מייל
פון שטאט אונ מען האט זיך נאך אמאל געקושט אונ גיזעגינט
אונ דער פאטער מיט אלע גרויסע לייט האבין זיך צוריק אומגע-
קערט אהיים אונ זיי זיינען זיך ווייטער געפארין, דער וויל איז
געווארין נאכט, אונ דער פורמאן מיט דיא מענשין וואס זיינען
גיזעסין לעבין אים זיינען גיוועזן דעם פרינץ בוכהאלטערס, אונ דער
הונד לויפט אלץ נאך אן געשמיד נאבין פור דער וויל איז דער
פור מאן געפארין אלץ לאנגזאם אונ געווארט דאס גאנצע פולק
זאל שוין זיין אמייל פאר אויס, אונ וויא עס איז גיקומען שפעט
אין דער נאכט זאגט דער פרינץ צו זיין פרוי עס איז אזו קאלט
אונ פינסטער דאס ער קאן שוין גאר ניט נאך לויפען מען מוז
אים אריין נעמען אין קאלעס בייא דעם פור מאן, ניין מיין ליבער
מאן זאגט זיא צו אים וואס דארפען מיר דעם הונד אין פור ער
וועט אונז נאך פאר שטינקען דיא גאנצע פור, מיין ליבע פרויא
זאגט דער פרינץ ווייטער צו איר, ער וועט דאך דאס געוויס ניט
קענען אויס האלטען איבער נאכט וואס זשע וועל איך ברענגען
מיין פאטער אמתנה, נוא זאגט זיא צו אים לאז אים ארויף בייא
דעם פור מאן, איז גלייך אראפ אדינער אונ האט גינומען דעם
הונד אונ האט אים ארויף גיזעצט ביין פור מאן, אונ דאן האט
מען גינומען האסטיג פארען אז אין איין שטונד האט מען פאר
בייא גיאגט דיא גאנצע מחנה מיט אלע פורען פון דיא זאכען
אונ מען האט זיי אן גיזאגט דאס זיי זאלין נאר גיכער ציהען,
אונ זיי וועלין פארען פאר אויס, אונ מען איז אזו געפארין ביז

מֶען איז אַריין גיקוּמֶען אין זֵייעֶר גרֶענִיץ פוּן זֵייעֶר קֶינִיג, הָאט זיך אָפּ גערוּפִין דער פְּרִינְץ צוּ זיין פְרוּיא דוּ ווייסְט מֶען מוּז אַריין נעמֶען דעם הוּנְד צוּ אוּנְז אינֶעוֵוינִיג, אַךְ וָואס ווילְסְטוּ הָאבִּין פוּן הוּנְד הָאט זיא זיךְ גִיגֶעבִּין אַבֵּייזֶער וֵוארְף אים אַרָאפּ אוּנ לָאז עֶר גֵיין צוּם שְׁוַוארְץ יָאר וָואס דַארְפְסְטוּ אים דֶעם פַאר שְׁטוּנְ-קִינֶעם הוּנְד, אַזוֹ הָאט זיךְ דֶער פְרִינְץ אָפּ גֶערוּפִין וֶועסְט שׁוֹין בַּאלְד זֶעהֶען גְלֵייךְ דַארוּיף הָאבִּין דִיא מֶענְשִׁין איר גִינוּמֶען אוּנ אָפּ גֶעשִׁיקְט אַהֵיים, אוּנ דֶעם הוּנְד הָאט מֶען אַרָאפּ גֶעצוֵיגִין זֵיין פֶעל אוּנ עֶר הָאט זיךְ אַריין גִיזֶעצְט אין קַארְעטֶע אוּנ זֵיינֶען זיךְ בִּשָׁלוֹם אַהֵיים גֶעפָארִין, אוּנ דַאן הָאט זיא אים גִילָאזְט אָפּ שֶׁערִין זֵיינֶע פַאר ווילְדִיטֶע הָאר אוּנ איז גֶעגַאנְגִין אין בָּאד אוּנ הָאט זיךְ גִילָאזְט אָפּ וַואשֶׁען אוּנ הָאט אָן גִיטָאן שֵׁיינֶע קְלֵיידֶער אוּנ הָאט דֶער זֶעהְן זֵיינֶע צְוֵוייא לִיבֶּע קִינְדֶערְלַאךְ וָואס עֶר הָאט זֵיי גִילָאזֶען אֵיינֶעם אַנְדֶער הַאלְבֶּען יָאר אוּנ אֵיינֶעם פוּן אַהַאלְבּ יָאר הָאט עֶר זיךְ זֵייעֶר גֶעפְרֵייט מִיט זֵיי, אוֹיף מָארְגֶען הָאט זיא אים פְאר גִישְׁטֶעלְט פַארִין קֶינִיג אוּנ הָאט אים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה וויא עֶס הָאט פַּאסִירְט מִיט זֵיי, איז דָאס דֶעם קֶינִיג זֵייעֶר גִיפֶעלִין גִיוֶוען, אין צְוֵויי וָואכֶען אַרוּם הָאט מֶען דֶער וַוארְט דִיא גַאנְצֶע חִיל מִיט דִיא פוּרֶען גָאלְד אוּנ דִימַאנְטֶען מִיט אַלֶע טֵייעֶרֶע זַאכִין, אוּנ הָאבִּין דָאס אַלְץ אַוֶועק גֶעשָׁאנְקִין זֵייעֶר קֶינִיג, אוּנ מֶען הָאט גִימַאכְט אַגְרוֹיסֶען בַּאל אוּנ דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאבִּין זיךְ גֶעפְרֵייט פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אוּנ פִיל צְדָקוֹת הָאט מֶען אוֹיס גֶעטֵיילְט אין אַלֶע שְׁטֶעט אַרוּם, נָאךְ דֶעם איז עֶר שׁוֹין מֶער נִיט אַרוֹיס גֶעפָארִין דוּרְכִין טִיר פוּן שְׁטָאט עֶר איז נוּר תָּמִיד גִיזֶעסִין עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה. אוּנ פוּן קֵיין גִישֶׁעפְט הָאט עֶר מֶער נִיט גֶעווּאוּסְט נוּר זֵיין פְרוּיא הָאט גֶעפִירְט אַלֶע גִישֶׁעפְטִין, אוּנ נָאךְ דֶעם הָאבִּין זֵיי נָאךְ מֶער מַצְלִיחַ גִיוֶוען אין הַאנְדִיל, אוּנ זֵיי הָאבִּין אוֹיס גִילֶעבְּט זֵייעֶרֶע יָארִין אין גְרוֹיס פְרֵייד.

ע ן ד ע

צוואה:

